משה גראַניטשטיין.

# מענטש־אוניווערס

(איינזאמלונג — עסייאיזמען, אפאריזמען.)

M. Granitstein
Calle Reconquista 439
Buenos Aires
Rep. Argentina

✶

בוענאָס־איירעס
1947

## פּאָעזיע.

שטאַפּלען, לידער און געזאַנגען.
שיר השירים, אשר לגראַפּאָמאַניע. (מרוידאַד־באַלאַדן.)

## עסייאיסטיק און פּובליציסטיק.

פון תהום צו תחום, זכרונות און באַטראַכטונגען איבערן שטעטל.
טעאַטער — אוניווערס. (פּסיכאָאַנאַליטישע רעוועלאַציעס פון דער מענטש־אימפּעריע.)

## דערציילונגען און נאָוועלן.

וואָס האָט געוואָלט פרוי גאַסטער?
פון ביידע זייטן בריק.
די אוואַנטורעס פון חבר האַמערל.
באַם וואַגזאַל.
באַשעלע. (אַ קינדער־נאָוועלע.)
צוריק צום געטאָ. (אַ פּייער־פּראָבע.)
מענטשן פון באַגינען.
דער סאָלטראָ. (אַ זאַמלונג.)
האַרבסט־בלעטער. (אַ זאַמלונג.)
דער בעטלער, דער ליז, דער סאָציאַלער מענטש. (אַ קלינישע געשיכטע.)
די גאַנגרענע. (אַ געשיכטע פון ליבע און האַס.)
נאַראָ. (אַ געשיכטע פון ציניזם און גלויבן.)
איך — די קלאַאַקע פון אידעאַל. (אַ געשיכטע פון יונג און אַלט.)

## בילדער פון אַפגייענדן שטעטל.

ערשטער באַנד — דאָס שטעטל רעדט.

## סאָציאָלאָגיע.

די מאַסע און אירע דערלייזער. (ווערטן־איבערשאַצונג.)
קורצע וועלט־געשיכטע פון אידישן פאָלק.
פּראָפעסאָר גאָט און פּראָפעסאָר אידיאָט. (אַ פּאַנעגיריק צום אויבערשטן און זיינע ארומזוכער.)

## טרילאָגיע: פּופּציק יאָר אידיש לעבן אין אַרגענטינע.

באַלוואַנעוועקע. (ראָמאַן, אין צוויי טיילן.)
מסעות פליגלמאַן. (ראָמאַן, אין צוויי טיילן.)
על חטא שחטאתי בראַטנפּאַרבאַנד. (ראָמאַן, אין דריי טיילן.)

## מעמוּאַרן.

ליבאַוויטש, און די וועלט. (אַ גלאַקן־טרעוואָגע־בוך פאַר דער מאָדערנער אידישער אינטעליגענץ.)

## איינזאַמלונגען.

אומעט. (אַנטימאָציאַלע לוסט־געשיכטן.)
די מענטש־סימפאָניע. (פּאַראַדאָקסן, אַפּאָריזמען, עסייאיזמען.)
מענטש — אוניווערס. (עסייאיזמען, אַפּאָריזמען.)

# ש ר ע ק

**א)** אפילו די גרעסטע געשייטע, בא וועמען לעבן און טויט איז נישט מער, ווי א שפּיל — האָבן זאָכן, מיט וועלכע מע שפּילט זיך נישט.
(ע. פּאָ.)

**ב)** שרעק פאַר עמיצנס רשעות, ברוטאַליטעט איז — די שרעק פ א ר ז י ך ג ו פ אָ; עס הייסט: פאַר ד ע ם, אַף וואָס מע איז אַ ל יי ן פ ע א י ק. פאַראַן פחדנים פאַר יענעם; און פאַראַן — אַ פחדן פ א ר ז י ך ג ו פ אָ. און גראָד דער אומדערשראָקנסטער מענטש אין דער וועלט דערשרעקט זיך, אַמאָל — פאַר זיך אַליין.

**ג)** דער מענטש, וואָס ליידט פון דער פאַרפאַלגונגס־מאַניע — הגם ער אַליין ווערט פון קיינעם נישט פאַרפאַלגט, — דער אַ מענטש ליידט די ליידן פון אַלע פאַרפאַלגטע אַף דער ערד. ער ווערט געפּייניקט אין זייער פּיין, וועלכע איז — זיינע. ער וויינט מיט זיי־מ י ט זייער ביטער געוויין, ווייל ער ווערט געשלאָגן אַליין. און ער בענטשט די שעה פון זיין גורל, וואָס האָט אים אזוי געפורעמט: צו לעבן אַלעמענס לעבנס, נאָר קיינמאָל נישט — זיין אייגנס, פאַר זיך אַליין; צו שטאַרבן מיט אַלעמענס טויט; און באַניים — אַז די שעה וועט שלאָגן — אויפגיין מיט אַלעמענס פרייד. ער — דאָס גוטע פּאַטערלעכע הארץ פונעם לעבן. ער — אותו האיש, דער בן־אָדם, דער מענטש.

**ד)** דער מענטש, וואָס ליידט פון אַ פאַרפאַלגונגס־מאַניע — אפילו ווען ער ווערט נישט, אין פלוג, פון קיינעם פאַרפאַלגט, — ווערט ער ד אָ ך, אין גרונט, פאַרפאַלגט פון אַלע. ווייל מענטשן יאָגן אָפּט אָן, א ו מ ב א־ וו א ו ס ט ז י נ י ק, אַ שרעק אַף י ע נ ע ם — ווער עס איז געשטראָפּט: צו פאַרנעמען, אוים זייער טיף, דעם דעך פון דער דרעמלענדער בעסטיע...... ערשט — קוים באַמערקט אַף אים: ווי ער ליידט, דער איבערגעשראָקענער, — וועלן אים שוין פאַרפאַלגן אַלע אָן־אויסנאַם — מיט דער פלעצלעך־דערוואַכטער בעסטיע אין פאָרוים: שוין דערפאַר אַליין — וואָס ער צייגט אַרוים שרעק, שוואַכקייט; און פון קיינעם ווערט אזוי די מענטשן־בעסטיע נישט געררייצט — יענעם צו פאַרצוקן, — ווי פון דעם שוואַכן: וועמען זי קאָן, באין־אופן, נישט פאַרטראָגן לעבן זיך — מחמת ער יאָגט אָן אַף איר אַליין אַ שרעק, מיט זיין שרעק...... און עס פאַנגט זיך דאָן אָן דאָס עכטע אומדערבאַרעמדיקע געיעג פון דעם שטאַרקן (צי גאָר — פ ו ן ד ע ם ש וו א כ ן) — אַף דעם שוואַכן מענטש: יענעם אויסצוראָטן פון דעם מענטשנס מיט... ווער עס פאַרפאַלגט אים — מיט די נאַקעטע נעגל פון האַס. אַנדערע, ווידער, גייען אים נאָך — מיט די שטילע אויסגעבעטע

קעצישע נעגל פון מיטגעפיל, פון רחמנות אָן א ברעג... אָ, דער דרך פון די לעצטע איז פיל ווירקזאמער און זיכערער. זיי טרעפן דעם אָרעמען שוואַכן מענטש — אין זיין האַרצן גלייך, און זיי מאַכן שנעלער א סוף צו זיין ז יי ן.

ה) אז איינער הענגט איבער אַן אַפגרונט — איז: וואָס נישטיקער ער וועט אויספאַלן, אין זיין געוועכט, — אַלצמער אויסזיכטן וועט ער האָבן — זיך־אויפצוהאַלטן. דאַקעגן: דער יעניקער, וועלכער איז אַליין — וואָגיק, — וועט ער, ד ו ר ך ד ע ר א יי ג ע נ ע ר ל א ס ט, אי־בעררייסן אַלע שטריק און אַראָפפאַלן...

דאָס איז — דער שפּיגל פונעם דערפאָלג פון יעטוועדער נישטיקייט — איבער די אַלגעמיינע תהומות פון לעבן; אויס וואַנען עס דראָעט יעדן דער בלינדער כאַאָטישער פאַטום פון טעמפּע געמוער — מיט אומברענג.

ו) די פיין און דער אַנגסט אין דעם ליבע־גענום קומט דערפון: ווייל דער טראַגישער מענטש דעקט אויף, אין מאָמענט פון העכסטן עקס־טאַז: אַז די אָרעמע פרוי פון בלוט און פלייש איז נישט אומשטאַנד צו לעשן זיין גייסטיקן דורשט צו דער אוניווערסאַלער אידייע פון אומענד־לעך־ווייבלעכן — אין אַלוועלט, אין אים.

ז) די שווערע טראַגישע פיין און אנגסט אין דעם ליבע־גענום איז דער־פאַר: ווייל מענטשנס באַנג און נאָגנדע שטרעבונג צו דער פרוי איז — די בענקשאַפט און אויסגייענדע גלוסטעניש צום — אייביקן אוניווער־סאַל־ווייבלעכן. און מאַנס עראָטישער יחוד, דער תענוג מיט דער פרוי איז — די באַהעפטונג פון זיין עלנטן גייסט צו דער אומענדלעך־ווייבלע־כער אידייע... אָבער דאַן, אין מאָמענט פון העכסטן עקסטאַז — דעקט אויף דער טראַגישער מענטש, גאַנץ־אומגעריכט: אַז זיין אָרגאַניזם, די כלי, איז צו־שוואַך — אויפצונעמען אין זיך אַזאַ גוואַלדיקן צופלוס און שפע פון דער אומענדלעכער אידייע... און עס קומט, אומפאַרמיידלעך — די אַזוי־גערופענע מיסטיש־באַוואוסטע שבירת־הכלים: די קאַטאַלעפּסיע פונעם גוף, דער אויספלוס, די פאַרעטערישע יצירה; וועלכע פילט אָן דעם גענום מיט אומגעהויערער אומויסדריקלעכער פאַרחלשטער פיין און שווידערלע־כער אומויסגאַנגלעכער אַנגסט... ווייל: קיין זאַך מאַכט ניט אַזוי אַלט, ווי גליק... (אָ. ווײַלד.)

---

# מאַרד און האַרץ

א) דער דינאַמישער געדאַנק — אין זיין געראַנגל מיט סטאַטישן אימ־פּילס, — מוז זיך אומויפהערלעך באַנייען. אַנישט, — הערט ער אויף צו זיין — געדאַנק, וויסנשאַפט, דינאַמיק, רעוואָלוציע; ער בלייבט פאַר־גליווערט — אַף זיינע לאָרבערן; ווערט — סטאַטיש, אַנטי־וויסנשאַפטלעך,

אימפולסיוו, רעאקציאָנער... דאָס איז דער פאַל, אומעטום — מיט דער פאַרעלטערטער מאַשין, וועלכע וויל נישט אָפּטרעטן, באין־אופן, דאָס פּלאַץ — פאַר דער נייער.

ב) אינעם קאַמף צווישן אינטעלעקט און אימפּולס — איבער פּאָליטישער מאַכט אין דער מענטש־אימפּעריע, — איז דער אימפּולס דורכויס — פאַר אַ רעזשים פון אַ דיקטאַטור: אונטער וועלכער דער אינטעלעקט זאָל שמאַכטן, שקלאַפן און אַליין שטומען; נאָר — זאָגן בלויז דאָס, וואָס מע וועט אים הייסן... אַזוי גייט צו, די גאַנצע צייט, אין דער יוגנט פון מענטש: אין וועמען עס הערשט, תחילת — ווי אַפן ביאָלאָגישן לייטער, בכלל — דיקטאַטאָריש, דער אימפּולס...... ביז עס רייפט אָן די שעה פון מאַרך; און עס ברעכט אויס די רעוואָלוציע: ווען דער מענטש שטירצט אין זיך די אימפּולס־דיקטאַטור, און ער פירט איין אין זיך — די רעפּובליק פון אינטעלעקט... דער אינטעלעקט איז — פאַר אַ פּאַרלאַמענטאַרישער דעמאָקראַטיע: בא וועלכער די אָפּאָזיציע האָט תמיד דאָס רעכט אָנטייל־צונעמען פריי אין די דעבאַטן; קריטיקירן דעם אָפיציעלן שטאַנדפּונקט פון דער מאַכט; און אַרויסברענגען איר אייגענעם...... שלעכט ווערט דאָן: ווען זי, די אָפּאָזיציע, (דער אימפּולס,) נעמט גרייטן אַ פאַרשווערונג — אין דער פינצטער; סאַבאָטירן אַלע אָנשטרענגונגען פון דער אָפיציעלער מאַכט; זוכן אונטערצוגראָבן די זיילן, אַף וועלכע עס האַלט זיך די גאַנצע אימפּעריע — מענטש... דאָן, מוז דער אינטעלעקט אויפגעבן, אַף אַ צייט, די דעבאַטן; און אַריבער — צו טאַטן... ביז וואַנען: ער וועט האָבן באַנייס באַהערשט די לאַגע, ווי געוועזן. וועט ער, ערשט, זיך אומקערן צו זיין שטייגער־טאָלעראַנץ פון תמיד; עס הייסט: ווידער איינפירן אין דער סאָציאָלאָגיע פון מענטשלעכן אָרגאַניזם דעם פּאָליטישן רעזשים פון אַ דעמאָקראַטיע.

ג) אַלץ געשעעט פאַר אונז צוויי מאָל: שבלדיק־סאָציאַל; אימפּולסיוו־אַנטיסאָציאַל. אָט, למשל — באַם אָנבאַגעגענען רייכטום, שיינעם געשלעכט א. א.: וויאַזוי נעמט דאָס אויף — דער מאַרך; וויאַזוי לעבט דאָס איבער — דער אימפּולס.

ד) דער חלום פּ א ס י ר ט — אין דער וועלט פון געפיל; פּונקט ווי די וואָר — אין דער וועלט פון געדאַנק. דערפאַר, ווען מע הערט איבערגיבן עכט אַ שילדערונג, — איז לעכערלעך צו שטעלן די פראַגע: „— צי זי האָט יאָ, אָדער נישט פּאַסירט?", — נאָר: „וואו איז איר אָרט?" ווייל אַלדאָס עכטע האָט ערגעץ זיין אָרט: אין דער וועלט פון געדאַנק — וואו עס ה אָ ט פּאַסירט ה י ס ט אָ ר י ש, עס הייסט — אַז עס איז אויפגעקומען יונג, זיך אַנטוויקלט, אויסגעוואָקסן, געוואָרן רייף, ביז עס איז פאַרגאַן; אָדער, אין דער וועלט פון געפיל: וואו ע ס פּאַסירט —

אייביק יונג, ווייל עס פאַרגייט נישט קיינמאָל.
ווי געזאָגט: האָט אַלדאָס עכטע ערגעץ זיין אָרט אין דער עקזיסטענץ — פון געפיל, אָדער געדאַנק. הגם געדאַנק און געפיל שליסן זיך אויס, אין עכטקייט, קעגנזייטיק; און זיי זעען — יעדער איינער, אין צווייטנס וועלט — בלויז וויזיע... דערפאַר, ווערט באַזונדערס שלעכט: ווען ביידע וועלטן — פון געדאַנק, און פון געפיל — קומען אין צוזאַמענשטויס. אַזאַ איז גע-ווען (און עס איז) די דערשיינונג — יעזוס. מענטשן פון געפיל האָבן גע־זען (און זיי זעען) אין אים — דעם גאָט-מענטש, וואָס הערשט איבער דער נאַטור; זענען זיי אים נאָכגעגאַן (און זיי גייען אים נאָך) תמיד. דאַ־קעגן, מענטשן פון געדאַנק האָבן געזען (און זיי זעען) אין אים — דעם אַנטיסאָציאַלן מורד; האָבן זיי אים געקרייציקט; (פונקט, ווי זיי קרייציקן אים, ביז היינט צו טאָג...)

ה) וואָס־זשע איז פאָרט — אַ היסטאָרישער פאַקט? צען פערזאָן האָבן
ביגעוואוינט איינעם דעם זעלבן פאַל. איצט, פרואוו דו אָפנעמען אַ גביית־עדות באַ יעדן פון זיי באַזונדער; און עס וועט זיך נישט גלייכן קיינס אין די רייד, — וועסטו ערשט וויסן, וואָס עס הייסט — היסטאָ־רישע פינקטלעכקייט.

ו) אַלץ געשעט פאַר אונז — צוויי מאָל: אין די רעגיאָנען פון מאַרך און
אימפולס, פון זין און אומזין, אָדער — וואַגזין. עס דאַרף, דאַרום, נישט חידושן קיינעם עמיצנס סותר זיין זיך, באַם איבערגעבן איינעם דעם זעלבן פאַל: אַמאָל — אַזוי, אַמאָל — אַנדערש: ווייל ניט תמיד גיט איבער דער זעלבער. אַמאָל דערציילט — איך-ג ע ד אַ נ ק; אַמאָל רעדט — איך-א י מ פ ו ל ס. ביידע גיבן איבער ריכטיק — וואָס זיי האָבן גע־זען... דער זעלבער קריטעריום זאָל
ווערן אָנגעווענדעט צו געשיכטע. עס דערציילן אַסאַך בייגעוועזענע וועגן איינעם דעם זעלבן פאַל; און דאָך — ווי אַנדערש! ווי פאַרשיידן!... אַלע שווערן פאַר זייער אמת. אַלע זענען גערעכט. עס קאָן דאָך נישט קיינער דערציילן מער דערפון, וואָס ער האָט געזען: דער אינטעלעקטועלער מענטש — אַזוי; די אימפולסיווע פרוי און דער מאַן פון דעם שניט — אַזוי...... וואָס דאָס וויל האָבן? דאָס לעבן, מיינע פריינט, איז — קאָמפליצירט. אַזוי — דער הווה. אַזוי, במילא, דער עבר; די אַזוי-גערופענע — געשיכ־טע... וויאַזוי-זשע האָט פאָרט פאַסירט יענער היסטאָרישער פאַל? הערט־זשע: אויב ער האָט, בכלל, פאַסירט, — איז: אי — אַזוי, אי — אַנדערש. עס איז געשען צו אים, ווי מיט שוואַרץ און ווייס אַלצייגס, וועלכע זענען — פאַטאַל-אומאָפטיילבאַר. דו קאָנסט זיך נישט פאָרשטעלן אין דמיון, קיין איין רגע אפילו, די עקזיסטענץ פון שוואַרץ — אָן צו זעען שניידיק־באַשיינפערלעך אומעטום אין דעם ש וו אַ ר צ ן — דאָס העל-ווייסע;

און פּאַרקערט. וואָס־זשע איז שוואַרץ, אויב אַזוי, אַז נישט — ווייס? וואָס-זשע איז ווייס, אַז נישט — שוואַרץ?!

ז) וואָס הייסט — ב אַ ג יי ן אַ ט ע ו ת, און ווער אין אונז באַגייט אים, (טוט אים)? עס איז קלאָר: אַז אין פאַל פון אינטעלעקטס צ ע ג ע ר ו נ ג, (אויב ער איז ניט זיכער אינגאַנצן — צי אַ געוויסע טאַט פירט צו מענטשס וואוילזיין,), — טרעט אויף דאַן אין אונז — ג אַ נ ץ ד ע צ י ד י ר ט (באַגייט דעם אַזויגערופענעם „טעות"...) — דער אימפּולס, מיט זיין אייביקער טענדענץ: אונז אויפצורייסן — אויס אינערן...

# ג ע נ י אַ ל י ט ע ט

א) ג אָ ו ן מיינט: זיין אַ גאון ל ג ב י - ז י ך; און נישט נאָר — לגבי יענעם. אינקעגנטייל, — קומט מען פאָר: ווי יענער ליז: וועלכער דערפרייט דאָס האַרץ באַ אַ וועלט מיט מענטשן — מיט דעם, וואָס א י ם א י ז א ו מ ע ט י ק...

ב) אין אַ וועלט פון ליטער זשעניען — שטאַרבט גלייך אָפּ די געניאַ־ליטעט. ווייל: גאונות ציט פּאַטאַל איר יניקה — פון דער נישטיקייט; פּונקט, ווי דאָס פייער זויגט — פון דעם ברענשטאָף. דערפאַר: ווען עס גייט אויס די ליכט, — ווערט ה אָ פ ע נ ו נ ג ס ל אָ ז - פ י נ צ ט ע־ ר ע ר — ווי עס איז געווען, איידער מע האָט זי אינגאַנצן אָנגעצונדן.

ג) דער, וואָס דענקט תמיד אָריגינעל, — איז אויסגעשטעלט דער גע־פאַר: צו ווערן, מיט דער צייט — באַנאַל. ווייל אָריגינעל דענקען — פּונקט ווי דענקען, בכלל — האָט זיך זיין מעכאַניזם: וועלכער איז עלול — אויב דער מענטש גיט זיך נישט קיין רעכענונג — אויפצוהערן זיין באַנייענד; פון זיך אַליין, אַריינפאַלן אין מעכאַנישער רוטין. (עס מיינט צו זאָגן: אַז נישט דער מענטש וועט דאַן אָנפירן מיט זיין מעכאַניזם; נייערט דער לעצטער וועט שוין ערשט רודעווען אַליין...) און עס באַקומט זיך דאַן די זעלבע טראַגיק, פּונקט ווי מיטן אַלטן קאָמיקער אַלציינס: בעת ע ר מאַכט נאָך אַלץ אַ וועלט מיט מענטשן צום לאַכן, (אויס רוטין פון דער וועלט — צ ו א י ם), — איז ער נישטאָ, ווער עס זאָל דערפרייען זיין אייגן אויסגעליידיקט האַרץ... דאָס זעלבע — מיטן „אָריגינעלן דענקער": בעת ער וועט נאָך אַלץ מאַכן אַ וועלט מיט מענטשן צום „שטוינען" — פון זיין „אָריגינאַליטעט", (פּשוט, אויס דער שוין-איינגעשטעלט-געבליבענער רו־טין צו ווערן נתפּעל פון זיין איטלעכס וואָרט), — אַ, האָט זיך שוין לאַנג, אונטערדעסן, בשתיקה, אַריינגעגנבעט און אין אים אַליין באַזעצט — די גרייזלעכע באַנאַליטעט... און אָט דאָס, אייגנטלעך, זאָל זיין דער סוד פון זיין אַלץ-אָנהאַלטנדן און, אפשר איצט, נאָכמער־נעשטיגענעם דערפאָלג:

ווייל נאָר באַנאַליטעט קאָן אַזוי אויסנעמען, רווישיק־באַווירקן באַנאַלי־טעט... ערגאַ: דער, וואָס דענקט תמיד
אָריגינעל, זאָל פאַרשטיין: אַז יעדער גראַד אָריגינעלער אַרט דענקען ווערט, מיט דער צייט — אַ רוטינירטער שטייגער־אַרט־דענקען אַזאַ, וואָס האָט אויפגעהערט, במילא, צו זיין אָריגינעל; נייערט, וועלכער איז געוואָרן (ווייל ער קאָן און דאַרף ווערן,) (פונקט ווי עס איז דאָס דענקען, בכלל — פאַרן אָריגינעלן דענקען,): די אָרדינערע באַזע — פאַר אַ נאָך־העכערן גראַד באַנייטן און ווידער־דערוואַכטן אָרי־גינעלן אַרט דענקען — פון מענטש... ווייל, נאָר אין דעם אייביקן איניציאַ־טאָר — דעם מענטש, וואָס דענקט אָריגינעל; און פאַרלאָזט זיך נישט קיינמאָל „אַף דעם זעלבסט־אָריגינעלן דענקען" פון זיין מעכאַנישן אַפּאַ־ראַט, ווי דערמאָנט — געפינט זיך די ערבות פאַר דער אייביק-זיך־באַ־נייענדער אָריגינאַליטעט.

---

# קונסט און לעבן.

א) דאָס שיינע קונסט-בילד, פונקט ווי די בילד־שיינע פרוי — ביידע רעגן אָן אינעם צושויער אַסאַך מער דערפון, וואָס זיי זענען אַליין: ווייל יעדער באַאָבאַכטער איז אַ קריטיקער נישט נאָר פון דער קונסט, נאָר, גלייכצייטיק, פון זיך אַליין.

ב) אַסאַך ווערן באַווירקט פון דער קונסט, כאָטש זיי הויבן זי נישט אָן צו באַנעמען. זי איז היילבאַר פאַר זייער פרימיטיוו געמיט, לאָמיר זאָגן, אַזוי ווי דער מעדיקער איז דאָס צו יעדן פשוטן קראַנקן... בלויז דער עכטער קריטישער גייסט ווייסט, וויאַזוי צו געניסן די קונסט — אין פולן אַקאָרד־אויפשפיל אַף זיין מוח און האַרץ.

ג) די נאַטור שאַפט נישט קיין נייס. זי ווידערהאָלט בלויז די אומצאָלי־קע רעפּראָדוקציעס פון אַ אומבאַוואוסטער איינוניינציקער אָריגינעלער פאָרם... אָט די איינציקע ווירקלעך־נייע פאָרם איז מסוגל צו אַרויסברענגען נאָר דער קריטישער גייסט פונעם קינסטלער.

ד) דיפערענצן צווישן קונסט און לעבן: נאָך אַ לעבנס־אַקט, בלייבט מען — דערשעפט; נאָך אַ קונסט־אַקט — געקרעפטיקט. נאָך אַ לעבנס-אַקט, בלייבט מען — באַפרידיקט; נאָך אַ קונסט־אַקט — אומבאַפרידיקט. דער קונסט-אַקט צינדט אָן מיליאָסן ראַשיקע האָריזאָנטן; דער לעבנס־אַקט לעשט זיי אַלע אויס פאַראַמאָל.

ה) פּעאיקייט, און טאַלאַנט: דאָס זענען — צוויי שאַרפע קעגנזאַצן, וועלכע שליסן זיך קאַטעגאָריש אויס — איינאַנדער. (ווייל דער מאַן מיט טאַלאַנט איז — דער אומפּעאיקסטער מענטש אין דער וועלט; און פאַרקערט.) —? — מחמת: פּעאיקייט, נעמט אויף זאַכן —

ליי כ ט; און זי באַוועגט זיך, דאַרומער, זייער־שנעל, אין פאַרויס. דאַ־
קעגן — ט אַ ל אַ נ ט, נעמט אויף זאַכן — ש ו ו ע ר; און, איבער דעם
— רירט ער זיך קוים פונעם אָרט...... אָבער, פאַרוואָס איז דאָס אַזוי?

ווייל פ ע אַ י ק י י ט דרינגט ניט אַריין, קיינמאָל —
אינערהאַלב די זאַכן. זי דינט ניט דאַרויף. זי נעמט זיי, דערפאַר, ניט אָן
באַ זייער מהות; נייערט, זי בלייבט שוועבן — אַ י ב ע ר ז יי. זי
כאַפּט זיי אָ ו י ף בלויז — לויטן אויסזעען פונדרויסן; זי צייכנט זיי
אָפּ — אַזוי; לאָזט זיי, נאָך איר — גאַנץ, ווי געווען; אַליין, פּאַטשט זי
אַוועק — אַ לייכט פּאַסאַזשירל, מיטן מ י ר אַ ז ש פ ו ן ד י ז אַ כ ן
— ווייטער... נו, איז אַ רבותא, וואָס עס קומט איר אָן אַזוי גרינג דאָס באַ־
וועגן זיך אין פאָרויס?... אָבער, גאַנץ אַנדערש
גייט עס צו — מיטן אַ ו מ פּ ע אַ י ק ן, קר י ט י ש ן ט אַ ל אַ נ ט.
ער איז געבענטשט מיט דער לאַסט: אַריינצודרינגען גלייך — אין דעם
תוך פון איטלעכער זאַך; אַריינצוואַקסן אַ י ן ד ע ם ה אַ ר ץ פון
די זאַכן; זיי צעגלידערן, אַנאַליזירן; אָפּוואַרפן פון זיי דאָס פּסולת; און
— ערשט, מיט די אויסגעשניצטע לוחות אין די הענט, מיטן גייסט פון
יעדער זאַך, מיט דער נשמה, מיטן לעבן, — אַליין, אַ איינגעשפּאַנטער אין
דער גנאָדיקער מאַסע פ ו ן אַ ל ע וו ע ל ט ן — נעמען דאַן שטעלן
אַ טראָט אין פאָרויס... נו, דאַרף עס זיין אַ רבותא: הלמאי טאַלאַנט באַ-
וועגט זיך — אַזוי אַחריותפול־שווער?!.

ד) פונקט ווי דאָס לעבן איז געבונדן צו זיין נשמה, צו דער קונסט, —
אַזוי איז אויך די קונסט געבונדן צו איר נשמה, צום לעבן. פונקט ווי
דאָס לעבן דערנערט זיך פון דער קונסט, — אַזוי פונקט דערנערט זיך די
קונסט — פונעם לעבן. ביידע — קונסט און לעבן — באַדינגען זיך קעגנ-
זייטיק, אין זייער עקזיסטענץ; אַזוי־ווי פאָן און בילד, אַלציינס. בעת דאָס
לעבן איז — דער פאָן פאַר דער געשטאַלטונג פון דער קונסט, — איז די
קונסט, גלייכצייטיק — דער הינטערגרונט פאַרן רעליעף פונעם לעבן...
נ אָ ר דאָס לעבן — מיט זיין פאַרגענגלעכקייט, ווי דער שטראָם, — איז
אומשטאַנד אויסצוטרוימען, פון זיך לאָזן אויסשטראַלן אויסבענקען — די
אומפאַרגענגלעכע ווזיע־וואָר פון דער קונסט... נ אָ ר די קונסט —
מיט איר אומפאַרגענגלעכקייט, ווי דער פּערפעקטער אידעאַל, — איז אום-
שטאַנד אויסצוטרוימען, פון זיך לאָזן אויסשטראַלן אויסבענקען — די פאַר־
גענגלעכע ווזיע־וואָר פונעם לעבן... ווייל נאָר דאָס פאַרגענגלעכע באַדינגט
דאָס אומפאַרגענגלעכע. ווייל נאָר דאָס פאַרגענגלעכע אינעם אומפאַר־
גענגלעכן באַדינגט דאָס אומפאַרגענגלעכע. ווייל דאָס אומפאַרגענגלעכע
אַליין — אָן דעם וואָרעם פונעם פאַרגענגלעכן, אָן דער באַוועגונג, אָן דעם
גיין, אָן דעם לעבן, — וואָלט גלייך באַטייט פאַרן אומפאַרגענגלעכן —

דער פּאַטאַלער פּעטריפיצירטער אויפהער: אין אָנבליק פון וועמען — גע־טער אפילו בלייבן זיך, פון שרעק — אין אָנבליק פון בלינדן שטייענדיקן טויט... און די אומפאַרגענגלעכע קונסט אַנטלויפט פון דאָרט — זיך־ראַ־טעווען, קומען אָפּדעבען — אינעם שויס פון פאַרגענגלעכן לעבן... ווייל — וואָס העכער עס שטייגט דער מבול פונעם לעבן, וואָס מאַכט אַלץ פאַר־גיין, — אַלץ העכער שטייגט, אַף זיין רוקן — די תבה פון דער קונסט: וואָס טראָגט אין זיך די ערבות — פאַרן נייעם לעבן פון מאָרגן; פאַר איר אייגענער דעקאַדענץ.

ז) דער עכטער קינסטלער, מיט זיין קונסט־חוש, באַאָבאַכטעט די שיינע רייצנדע פרוי — פונקט, ווי דאָס גאַנצע לעבן — נאָר ווי אַ קונסט־דערשיינונג, אַ וויזיע־וואָר, אַ טיפּיש־אָריגינעלע פאָרם־קאָמבינאַציע פון דעם א י י ב י ק ־ ו ו י י ב ל ע כ ן. דאַקעגן, בלייבט ער לחלוטין־אומ־דיפערענט, און געפּיללאָז אפילו ביז אכזריות — צום פ ו ל ס י ר נ ד ן פ א ר ג ע נ ג ל ע כ ן לעבן פון דער פרוי, צו אַלע אירע סטיכישע בלינדע צאַפּלענישן, מיט וועלכע זי האַסט, אַזוי טויט־פיינטלעך, זינט אייביק — אַלדאָס העכערע פון זיך, אַבסטראַקטע, אידייאישע, דאָס אייביקע — די קונסט...... נ אָ ר ווי דעם הויך פון אַ קונסט־בילד, אַ סקולפּטאָר — שאַפט ער איר איבער, דער קינסטלער. ער ראַטעוועט אַרויס — אויס איר מאַר־גענגלעכקייט, איגערהאַלב דעם מבול פון לעבן — דאָס אייביקע פון איר זיין; און ער טראָגט עס אַריבער צו זיך, אין זיין וועלט — אין דער אייבי־קער עקזיסטענץ פון קונסט... נ אָ ר אַזוי גייט צו דער גענום פונעם קריטישן קינסטלער, דעם שטאָלצן מושל; זיין ליבע־שפּיל מיטן לעבן...... וועט אָבער דער קינסטלער פּרוּווּן אַריבערשריטן דעם גורל־גבול פון זיין קונסט־וועלט; און זיך לאָזן זוכן דעם פאַרגענגלעכן עפּילעפּטישן גענוס פון דער פרוי א י נ ע ם ל ע ב ן, — אַזוי פאַרלירט ער גלייך זיין צויבער־מאַכט איבער איר. עס ווערט באַלד אָפּגעטון פון אים די קינסטלערישע שיין, די קרוין פון זיין קאָפּ. ער — דער נעכטיקער האַר איבערן לעבן, — בלייבט נעבעכדיק נישטיק ליגן צ ו די פיס פון אַ בלינדער סטיכישער פרוי, די זיגערן: וועלכע זעט פאַר זיך בלויז — געפאַלן, איר שונא פון אייביק. און זי קומט, איצט — פאַר דער גאַנצער צייט, נעמען נקמה אין אים — מ י ט א י ר ל י ב ע.

ח) די קונסט־פילאָזאָפיע ווייזט — די נ י ש ט ־ פ א ר א נ ע נ ע וואָר, און נ י ש ט — ד י פ א ר א נ ע נ ע... יענע, די נ י ש ט־פ א ר א נ ע נ ע וואָר, ווערט תמיד פאַרשטעלט — דורך דער פ א ר א־נ ע נ ע ר, דער נאָענטער, דער אוממיטלבאַרער; און מע מוז, דאַרום, האָבן געדולד: ביז די פ א ר א נ ע נ ע וואָר פאַרגייט, — כדי עס זאָל נעמען דאָן באַלד — אוּמפאַרמיידלעך, אַלס קאָנסעקווענץ — אויפגיין,

אין דיסטאנץ — די וואָר די נישט־פאַראַנענע, אין אַלע וויזיאָנערישע פּלאַטער־דעמפונגען פון קונסט........ אָט איז אַ אילוסטראַציע: אין דעם אָרט, וואו דו קומסט, יעדן טאָג, און דו זעסט: ווי מע זיצט דאָרט, מע אַרבעט, מע גייט אום, מע רוישט, — הערסטו אויף, מיט דער צייט, צו זען — די יעניקע, וואָס זיצן, וואָס גייען אום; און דו הערסט אויך אויף צו־הערן איינגאַנצן — יענעם רויש. אָט די גאַנצע דעקאָראַציע פון לעבעדיקער אינטענסיווער מענטשן־טעטיקייט נעמט לאַנגזאַם אָפּשטאַרבן פאַר דיין געמיט; זי בלייבט טויט..... ביז עס טרעפט, און דו גייסט אַמאָל אָן אהין — אין אַ יאָנטעוו־טאָג, ווען קיינער איז נישטאָ דאָרט, — און דו בלייבסט,פּלוצים, שטיין — אַ געפּלעפטער! אומעטום, וואו דו וואַרפסט דיין בליק, — דערזעסטו דאָרט ווידער זיצן — יענעם פון אַלע טאָג — אָן אויפגעגאַנגענעם, אַ לויכטנדן, אין אַלע אייגנ־טימלעכע שיינען פון זיין זיין; אַזוי ווי אַ צוריקגעקערטן צו אַ לעבן אַ נייס, אום אָפּצופרישן דיין געוועזן־פאַרחלשט מיד געמיט... און אינעם חלל, ערשט, פאַרנעמסטו ווידער — דעם גאַנצן לעבהאַפטן רויש פון ענער־גישער, אינטענסיווער מענטשן־טעטיקייט — ווי קיינמאָל...... אָט דאָס זענען, חבר, די אייגנטימלעכע תנאי־רעפלעקסן פון דער קונסט־דעקאָראַ־ציע; פון דער, אַזוי־גערופענער — נישט־פאַראַנענער וואָר...

ט) פאַראַן יונגע ווערק, וואָס שטעלן פראַגן. פאַראַן אַלטע ווערק, וואָס ברענגען דעם ענטפער. דער ענטפער, די קלאָרע לייזונג איז, געווייג־לעך, פּערפעקט, נאָר — אַלט, אָפּגעלעבט. בלויז די אומפּערפעקטע אומ־ווייסנדע פראַגע איז — יונג און פול מיט לעבן... לויט דעם ווילן פון דער פאַטאַליטעט: ווערן אָפט געבוירן די ענטפער־ווערק — נאָך איידער דאָס לעבן האָט די פראַגע געשטעלט, — און עס פאַרשטייט זיי נישט קיינער; מע וואַרפט זיי אָפּ... פּלאַטאָן איז געווען — די יוגנט פון סאָקראַטעסן. דער פּערפעקטער סאָקראַטעס איז געבוירן געוואָרן — אַלט: נאָך איידער דאָס יונגע לעבן האָט די פראַגן געשטעלט, — און מע האָט אים אומגע־בראַכט. (אָ. ווײַלד) ......די האַרציקע: יעזוס, גאָט, די פרוי זענען געבוירן געוואָרן — „אַלט־פּערפעקט": מיט דער פּרעטענזיע — צו זיין דער ענט־פער אַף אַלע פראַגן פון לעבן! — דערפאַר האָט די געזונטע לאָגיש־סאָציאַ־לע געזעלשאַפט תמיד געמוזט אויסשליסן פון איר מיט — די ערשטע צוויי; און צוימען, ריכטן סאָציאַל דעם בלינדן עלעמענט־שפּיל — פון דער דריי־טער.

י) דאָס ענטפער־ווערק — פאַר דער פראַגע, איז — ווי געבראַכט קולטור צווישן ווילדע... נישט „נאָר" די האַרציקע טראָן־פּרעטענ־דענטן: די „אַלט־פּערפעקטע" גאָט און פרוי; נאָר „אויך" (ערשט) — דער יונגער קרעפּטיקער אינטעלעקט, דער זשעני אין אַלע זיינע וויסן־

אַנטפּלעזונגען, (סאַקראַמטעס), דער ווירקלעך־איינציק־מסוגלער אויפצו־
שלייערן אַלע מיסטעריען פון זיין, — איז געקומען — אומגעבעטן, ווי דער
ענטפער אַף דער צוקונפט, נאָך איידער די פראַגע און נאָכפראַגע איז גע־
שטעלט געוואָרן; און ער ווערט, דאַרום, נאָכאַנאַנד באַקעמפט דורך דער
בלינדער צופרידענער „פּערפעקטער" מאַסע, וועלכע וויל אים ניט קענען.

יאֹ) די קונסט, וועלכע ברענגט דעם ענטפער אַף די פראַגן פון לעבן, —
ווערט, אַף אַ פאַטאַלן אופן, געבוירן — אַכאַך פריער פ אַ ר דער
פראַגע. די קונסט־ווייזהייט ווערט געבוירן אַלט. און ערשט דאָס לעבן (די
פראַגע) מוז אַלט ווערן, — כדי די קונסט־ווייזהייט זאָל, דורך דעם, ווערן
יונג. די באַהעפטונג פון דער אַלטער קונסט-ווייזהייט צום יונגן לעבן מאַכט
דער קונסט יונג. נאָר דאָס לעבן אַליין, דורך דעם דורכגעלעבטן גליק,
ווערט אַלט. ווייל קיין שום זאַך מאַכט נישט אַזוי אַלט, ווי גליק..... אָט,
וואו עס שטעקט די זינד. דער אַלטער געניטער קונסט־בעל־עברהניק —
מיט דעם יונגן אומדערפאַרענעם מיידל-לעבן... דעם אַלטן ציט צום ז י ס ן
יונגן; דעם יונגן ציט צום ג ע נ י ט ן אַלטן... די אַלטע קונסט מאַכט
נ אָ ך דעם יונגן לעבן — אין יוגנט. דאָס יונגע לעבן מאַכט נ אָ ך
דער אַלטער קונסט — אין אַלטקייט, געניטשאַפט, פערווערזיע.

יבֹ) דאָס געזאַנג פון קונסט א. א. וו., דאָס איז — די טעאַטער־שטייג
פאַר דער בעסטיע; די מוזיק פאַר די שלענג; וואָס מאַכט זיי נאַריש,
(יעדער זינגער איז אַ שוטה, אָבער מוטב שיהא שוטה, ואל יהא רשע,)
איינגעדרעמלט: איבערצולעבן א ו מ ד י ר ע ק ט, אין אילוזיע, אינעם
בלוט זיך־אויסצולעבן מיט דער אַנטיסאָציאַלער שטרעבונג צו פאַרברעכן,
צו אַנטשפּאַנונג קעגן דעם תפיסה־שטייגער, צו דער אור-אַטאַוויסטישער
מאָרד-עקספּאַנסיע; מיטצולעבן וויזיאָנעריש מיטן ווילדן אַקטיאָר אַף דער
בינע; אים פרענעטיש אַפּלאָדירן; נאָכצוקומען באַפרידיקן דעם גאַנצן לוסט־
און־מאָרד-שפּיל פון אייגענעם שיכורן בלוט; דעם ברוטאַלן געשלעכט־
דראַנג צו פאַרגוואַלט און צעשטערונג..... דאָס טעאַטער, די פרייע קונסט־
טריבונע קאָן, אַזויאַרום, מיט רעכט, אָנגערופן ווערן — די פרייע קונסט-
קלאָאַקע: וואו מע לאָדט זיך אויס בציבור; מע דערליידיקט קאָלעקטיוו —
אַף דענ־אָ-גרייִלעכן מאַסן־ספּעקטאַקל — אַלע קלאָאַקע־הצטרכותן, —
כדי צוריקצוקערן צו דער שטייגער-געזעלשאַפט — מיט אַ דערלייכטערטער
איצטומכאָ......... אַזוי, לאַנג, — ביז די שלענג נעמען זיך לאַנגווייליקן
מיטן מאָרד־סוראָגאַט; זיי דערוואַכן פונעם זיסן דרעמל; זיי כאַפּן זיך אַפּ
זגענאַר. און די צעיושעטע בעסטיע ברעכט אויף ברוטאַל און אַנטלויפט
פון דער אַקטיאָרישער טעאַטער־שטייג. זי ברעכט אויף דאַן, צעשטערט די
שטייגער-תפיסה; און זי שטעלט אויף — דאָס וועלט־טעאַטער, די קריגס־
עקסהיביציע: וואו דער מערדער שפּילט אויף ד י ר ע ק ט די גאַלריפּי־

צירטע אוואַנגאַרדע פון מאַסן־מאָרד — אָ, באַ דער דירעקטער באַטייליקונג פון אַלע, אַלע, אָן אויסנאַם.

יג) ווען צוויי ריכטונגען (גאַסן, וועגן, שטראָמונגען, אידייען,) לויפן פּאַ־ראַלעל, (הגם — נישט מחמת איינע־און־די־זעלבע צוועקן) און מע וויל אַריינדרינגען, פון איינער — אין דער אַנדערער, — מוז עס נישט געטון ווערן ד ו ק אַ ד אָ ר ט — וואו יעדע איינע פון זיי פאַנגט אָן איר אַרויסשטראָם; נאָר מע נעמט און מע שניידט דורך קווער אַ וועג — ערגעץ־וואו אין דער בלינדער וואַנט, וואָס צעטיילט בײדע ריכטונגען; און מע דערעפנט, אַזוי־אַרום, די קאָנגזייטיקע אַריינדרינגונג (די באַהעפטונג) פון איינער — אין דער אַנדערער..... איצט, ווידער, וויבאַלד מע ווערט, מחמת געוויסע אייגענע צוועקן, גיין און אַדורכפירן אַזעלכע קוועּר־שניטן — אין דער גאַנצער לענג פון (צווישן) יענע בײדע ריכטונגען, — דאַן ווערט דאָס אַלץ באַקומען, אין גאַנצן גרויסן גענומען, גאָר אומגעריכט, דעם אָנבליק (די אַנטפּלעקונג) — פ ו ן אַ ר י ז י ק ן ל י י ט ע ר: איבער וועלכן (און דאָס זאָל זיין, אייגנטלעך — דער עכטער אויטענטישסטער ציל־אין־זיך; הגם ער האָט־זיך זיי־ביידן, יענע דערמאָנטע ריכטונגען צוויי, זאָגאַר נישט געחלומט;) — די מלאכי אלוהים (דער איינונייזציקער אינ־טימסטער קונסט־שטראָם פון דער געשיכטע) עולים ויורדים בו (צייכנט, וויזיאָנעריש־וואָרהאַפטיק, זיין אייביקן אייגזאַמען שליאַך — אין דעם רוים.)

יד) נישט אַלץ רעדט זיך אַזוי שנעל, ווי עס טוט זיך; און נישט אַלץ שרייבט זיך אַזוי שנעל, ווי עס רעדט זיך.

טו) די וואונדערלעכע אייגנשאַפט פון מענטשנס וואָרט. אַמאָל, שטייט איינער און רעדט, און מע זעט בחוש: ווי מיט זיינע ווערטער האַלט ער **אין פאַרשיטן** אָ פּ ג ר ו נ ט ן, וואָס זענען געלעגן צווישן דער וועלט, און אים. און אָט, ווידער, שטייט אַ אַנדערער און רעדט; זעט מען־צו, אַזוי קלאָר: ווי, מיט זיין איטלעך וואָרט, **גראָבט ער אויס** — אַ אַ ל צ ט י פ ע ר ן אָ פּ ג ר ו נ ט — צווישן זיך, און דער וועלט.

טז) אויב די עכטע קונסט איז אומשטאַנד צו שילדערן —אַ ו מ ד י־ פ ע ר ע נ ט - אָ ב י ע ק ט י ו — מענטשלעכע ליידן, — איז אפשר אַ פּאָליטיקער־אַ קינסטלער דערלויבט (צוליב אַ געוויסן „ערלעכן" ציל,) צו קענען דאָס לעבעדיקע לעבן — אָביעקטיוו־אומדיפערענט־רואיק, (מאָראַליש,) — אומאָפּהענגיק דערפון, וואָס ער פאַרורזאַכט דער וועלט — ליידן און פּיין, אָן אַ ברעג...

מע מוז אָבער אָנערקענען: אַז — כאָטש דער סטיל פונעם קינסטלער, וואָס שילדערט מענטשלעכע ליידן, איז — אַ רואיק־אומדיפערענט־אָביעק־טיווער, — איז אָבער זיין ערשטער אויסוואַל: ד אָ ס צו נעמען שיל־

דערן, — געווען: נישט — קיין אָביעקטיוו־קינסטלערישער, — גייערט: א רירנד־סוביעקטיוו־מענטשלעכער...

יז) דער סוד: פאַרוואָס דער קינסטלער מאָלט אזוי ריכטיק די פּסיכאָלאָ־גיע פון דעם דורכשניט־מענטש — באשטייט, אייגנטלעך, דערין: ווייל דאָס לעבן מאכט נאָך דער קונסט...

# אידייע און לעבן

א) אַלעס ציט צום ליכט; מיטן אויסנאַם פונעם ליכט גופא: וועלכעס ציט, אומווידערשטייללעך — און עס טוט זיך נאָכאַנאַנד פאַרצערן, מקריב־זיין — צום חושך.

ב) שטילקייט איז דער אויסדרוק פון — פערפעקטער ראַשלאָזער באַווע־גונג. זע־צו די הימלשע מעכאַניק.

ג) פונקט, ווי מען קאָן זיך נישט פאָרשטעלן: ליכט — אָן פינצטער (און פאַרקערט), — אקוראַט אזוי, קאָן נישט געמאָלט זיין: אידייע — אָן מאַטעריע... (און פאַרקערט.) אָן באַגריף — פינצטער, — וואָלט נישט עקזיסטירט דער באַגריף — ליכט. (און פאַרקערט.) אָן באַגריף — מאַטע־ריע, — וואָלט נישט עקזיסטירט דער באַגריף — אידייע. (און פאַרקערט.) און פונקט, ווי ל י כ ט ציט זיין יניקה פון דעם ברענשטאָף — פ י נ צ־ ט ע ר (און פאַרקערט: דער ברענשטאָף — פ י נ צ ט ע ר —ציט זיין יניקה פונעם ל י כ ט: ווייל: נעמט צו די עקזיסטענץ פון פ יי ע ר, — הערט ער א ו י ף צו זיין ב ר ע נ ש ט אָ ף...), — אקוראַט אזוי: ציט א י ד יי ע איר יניקה פון דעם ברענשטאָף — מ אַ ט ע ר י ע... (און פאַרקערט.)

ד) דער געראנגל פון דער אידייע מיטן לעבן איז — דער ליבע־שפּיל צווישן לערער מיט קינדער. בעת ע ר זוכט, לעבן זיי, צו ווערן י ו נ ג, — מאכט ער זיי, דערווייל — אַלט.

ה) איר וועט זיך קיינמאָל נישט קענען פאָרשטעלן פאַרן דמיון דעם קאָ־ליר — וויים, — אַז איר זאָלט באַלד נישט דערזעען — אינעם סאַמע תוך פון פאַרגעשמעלטן קאָליר — דעם קאָליר ש וו א ר ץ. (און פאַר־קערט.) עס איז — אומפאַרמיידלעך. עס איז אומאָפּטיילבאַר. עס איז — פאַטאַליטעט.

ו) טראַכט אַביסל דערפון — עס וועט אייך נישט שאַטן: וויאַזוי שוואַר־צער פאָן שטרייכט שטאַרק אונטער — דאָס זויבער־ווייסע; וויאַזוי די עקזיסטענץ, די פאַראַנענקייט פון ריין־ווייסן דייט אָן שאַרף אָפּן — שרעקלעך־שוואַרצן. אַצינד, זאָגט — פאַר זיך אַליין: — ווי וואָלט געווען, ווען ווייס אַליין וואָלט געווען — צי וואָלט עס,ווירקלעך, ג ע וו ע ן?

און ווי וואָלט געווען, ווען שוואַרץ אַליין איז פאַראַן, — צי וואָלט עס, ווירקלעך, געווען — אַזוי שרעקלעך־שוואַרץ?!.

ז) — געוואַלד, ווען וועט מען שוין פאַרשטיין: אַז: אָדער — די אידייע פאַלט  א י ב ע ר  דאָס לעבן — אומגעריכט, און צענעהרגט עס — אַף אַ צייט, — אָדער — דאָס געזונטע מענטשלעכע לעבן גיט זיך רעכענונג,  ב אַ צ יי ט נ ס — און פאַריאָגט די מאָנסטער־אידייע — פון זיין מיט. אַז: אויב — א י ד יי ע, — איז  נ י ש ט — לעבן; און פאַרקערט. אַז דאָס איז באַ זיי — דער אייביקער ליבע-שפּיל: קוים דער-נעענטערט זיך די אידייע, — אַזוי באַהאַלט זיך אויף דאָס לעבן; און פאַר-קערט. אַז דאָס, אייגנטלעך, איז — זייער  ב יי ד נ ס  אידייע: די אי-דייע פון דעם לעבן, און די אידייע פון דער אידייע.

ח) אַז די זון (אַ אידייע) גייט אויף איבער  א יי ן  וועלט, — פאַר-גייט זי, אומפאַרמיידלעך — פון אַ  צ וו יי ט ע ר.  און פאַרקערט: ווען די זון (אַ אידייע) פאַרגייט פון  א יי ן  וועלט, — גייט זי אויף, אומפאַרמיידלעך — איבער  אַ  צ וו יי ט ע ר.  נישטאָ קיין — אַבסאָ-לוטער אויפגיין; נישט קיין אַבסאָלוטער פאַרגיין. עס איז אוממעגלעך צו — אויפגיין איבעראַל; עס איז אוממעגלעך צו — פאַרגיין פון אומעטום... אויס דער פרייד פון אויפגאַנג,  ל ו י כ ט  א ר ו י ס — די פאַטאַלע טראַגיק פון פאַרגאַנג. אויס דער טראַגיק פון פאַרגיין, לויכט אַרויס — די פאַטאַלע פרייד פון אויפגיין.

ט) ווערטן דאַרפן, פאַר אַלעמען, פאַרבלייבן — ווערטן אין-זיך; עס הייסט, פאַרבלייבן אייביק איינגעשלאָסן אין זיך; און אויפהאַלטן זייער ווערט, — דאָס דאַרף זיין, תמיד — זייער איינציקער באַרוף. מער האָבן זיי ניט צו זאָרגן פאַר עפּעס — אויסער פאַר זיך. דאַן פאַרבלייבט די ערבות: אַז אויך נאָכדעם, ווי מע וועט זיי האָבן דערגרייכט, — וועלן זיי זיין פאַרבליבן — אין זייער זעלבן אייביקן ווערט, ווי געווען.

י) אַ בריליאַנט דאַרף, פאַר אַלעמען, פאַרבלייבן טריי אַף זיין הויך — אַן עכטער שטערן; הגם, דאַדורך, וועט ער פאַר די מענטשן זיין אומ-צוטריטלעך. טאָ — זאָלן זיי שטרעבן, קעמפן פאַר זייערע רעכט; צו אים אייביק זיך דערהויבן; אים זוכן צו דערגרייכן!... אָט, אין וואָס עס באַ-שטייט זיין טיפער הומאַניזם; זיין זין פאַרן לעבן...... וועט ער אָבער פרואוון ווערן „גערירט-הומאַניטאַר", און נידערן פון זיין הויך, עס הייסט, נאָכלאָזן פון זיין ווערט, זיך גיין פאַרמישן, כדי צו ווערן צוטריטלעך פאַר יעדן, — וועט ער, מיטדערמיט, האָבן באַגאַנגען אַ טאָפּל פאַרברעכן: אי קעגן זיך — וואָס ער האָט אויפגעהערט זיין דער עכטער בריליאַנט; נאָר, דער עיקר — קעגן דער מענטשהייט גופא: אין וועמען ער האָט, מיט זיין נידערן, אָפּגעטויט יעטוועדן שוואונג צו דערהויבונג........ די שטערן זע-

נען טאַפּל-ווערטפּול מיטדערמיט, וואָס זיי בלייבן אייביק אומדערגרייכ־באַר. און דאָס זענען — די העכסטע מענטשלעכע ווערטן, אין זייער ע כ־ט ן הומאַניטאַרן זין.

**יא)** ווערטן דאַרפן אייביק פאַרבלייבן — אומגעריִרט, אַף זייער אָרט,

וואָס דעם מענטשנס צויבער האָט פאַר זיי באַשטימט; אַף זייער הויך; וואָס מאַכט זיי פאַר דאָס, וואָס זיי זענען; וואָס שענקט זיי זייער ווערט... ווערטן דאַרפן — אייביק, אומגעריִרט — זיך־שפּיגלען אין ז י ך ג ו־פ אָ. מער זאָל זיי גאָרנישט אָנגיין — מחוץ פון זיך......און ווער עס גרייכט צו זיי, — יענער האָט זיי דערגרייכט — אַלס ווערטן, אין זייער פולער צויבער־שיין — אין דער וויזיע פון זיין האַרץ; יענער האָט זיך דערהויבן צ ו ז יי; יענער האָט, מיטדערמיט, זיך אַליין באַווערטיקט. נאָר זיי, די ווערטן, פון זייער אייביק אָרט — במילא, פון זייער אייביקן ווערט — נישט געריִרט......... נאָר, מיטיינמאָל ווערט אַלץ איבערגע־קערט — ווען די ווערטן האָבן געטון נידערן און זיך געלאָזן גיין זייער באַשאַפער, דעם מענטש, אַנטקעגן. באַלד, ווי נאָר זיי האָבן געריִרט פון אָרט — האָבן זיי גענומען פאַלן אין זייער ווערט. ביזל וואַנען זיי קומען אָן אין די הענט פונעם מענטשן — שוין אינגאַנצן אַנטווערטיקט, אַזוי ווי גאָרנישט.

**יב)** ווייסט איר, וואָס ס ו ד איז? נישט — יעטוועדע נאַרישקייט,

וואָס איך, צי דו, האָבן עס צופעליק נישט געהערט. אַ ס ו ד מיינט — אַ סוד בעצם: וואָס איז ווערטפול אין־זיך; נישט צום אָפּשאַצן. דו — דערציייל עס נ י ש ט, דערציייל עס י אָ, — דער סוד בלייבט ס ו ד, ווי געווען...... עס איז, ווי די א י נ ע ר ל ע כ ע קולטור און די א ו י ס ע ר ל ע כ ע ציוויליזאַציע. צום דורכשניט דערגייט בלויז — די ציוויליזאַטאָרישע שאָל, די דירעקטע נוצלעכקייט פאַרן לעבן. דאַקעגן, דער קולטור־קערן בלייבט — זיין אייביקער סוד.

**יג)** די ד י נ אַ מ י ש ע אַ נ ט י ט ע ז ע איז — דאָס פייער (דאָס

ליכט) פון דער ס ט אַ ט י ש ע ר ט ע ז ע, וועלכע איז — דער ברענשטאָף... אָן דעם ברענשטאָף — וואָלט דאָס פייער נישט געווען גע־קאָנט לויכטן: פשוט, דערפאַר: ווייל — עס וואָלט נישט געווען עקזיס־טירט...

**יד)** די ד י נ אַ מ י ש ע אַ נ ט י ט ע ז ע: די א ו מ ו י פ־

ד ע ר ל ע כ ע ב אַ וו ע ג ו נ ג, — קאָן נישט געשעען — אָן דער עקזיסטענץ פון דער ס ט אַ ט י ש ע ר ט ע ז ע: וועלכע ש אַ פ ט די באַוועגונג; ברענגט אַרויס איר עקזיסטענץ. ס ט אַ ט י ק איז: נישט נאָר — ד ע ר פ אָ ן פון דער באַוועגונג; נייערט — די ד ע ר מ ע ג־ל ע כ ו נ ג פאַר דער באַוועגונג. ווייל: די באַוועגונג קאָן נישט אַרויס־

געבראכט ווערן **אנדערש**, סיידן — **אינערהאלב דער עקזיסטענץ** פון א דורכויס־פארקערטן־פון־איר־עלעמענט: אף וועמען זי ווערט אָנגע־ווענדעט; און וועלכן זי מאכט באוועגלעך... (**דאָס זעלבע איז — פארקערט**; דאָס הייסט: אין דער קעגנזייטיקער פאַרשטעלונג פון די באגריפן...) אין א אוניווערסאלער (א פאַרשטעלונג אזא בלויז) ספער פון — לויטער־אומ־געהויערער באוועגונג, (אָן דער עקזיסטענץ און, במילא, אָן דעם באגריף פון סטאטיק), — פארשווינדט גלייך די באוועגונג. (אזוי — איר עקזיס־טענץ; אזוי — איר באגריף.) (און פארקערט...) די סטאטיק איז — דער ב ר ע נ ש ט א ף פארן פ ײ ע ר פון דער באוועגונג. און פ ײ ע ר אַ ל ײ ן — אָן ב ר ע נ ש ט א ף, — איז: נישט נאָר פארווארטיילט אף ז ע ל ב ס ט ־ פ א ר צ ע ר ו נ ג; אף א מאָלן מיט די מילשטיי־נער — אָן מעל... ניין. עס איז — **עטוואָס מער: פייער, אָן ברענשטאָף** — עקזיסטירט נישט.

**טו)** פונקט ווי דאָס זיין איז — א פאָרם פונעם נ י ש ט ־ זיין, — אזוי איז דאָס נ י ש ט ־ זיין — א פאָרם אזא פונעם זיין.

**טז)** פונקט ווי וויס, אין באגריף, קאָן נישט פארגעשטעלט ווערן, נישט געמאָלט זיין, אין ערגעץ און קיינמאָל — אָן שווארץ, (און פאר־קערט), — אזוי אויך אידייע, אין באגריף, קאָן נישט פארגעשטעלט ווערן, נישט געמאָלט זיין, אין ערגעץ און קיינמאָל — אָן מאטעריע; נישט מאַ־טעריע — אָן אידייע; נישט — זיין — אָן נ י ש ט ־ זיין; נישט — נ י ש ט ־ זיין — אָן זיין... פונקט ווי וויס און שווארץ באדינגען קאטע־גאָריש זייער אומאָפּטיילבארע־פונאנאנדער עקזיסטענץ, אלס קעגנגעזעצ־טער איינס: וואָס שליסט אויס אומבאדינגט דעם קיום פון איין טייל, אָן דער אינטימסטער מיט־עקזיסטענץ פון דער אנדערער, — אזוי אויך — אידייע און מאטעריע, זיין און נישט־זיין — באדינגען קאטעגאָריש זייער אומאָפּטיילבארע־פונאנאנדער עקזיסטענץ, יעדער איינער — אלס קעגנ־געזעצטער איינס: וואָס שליסט אויס אומבאדינגט דעם קיום פון איין טייל זייגעם, אָן דער אינטימסטער מיט־עקזיסטענץ פון דער אנדערער...... וויס און שווארץ, אידייע און מאטעריע, זיין און נישט־זיין, — דאָס איז — די פאטאלע אייניקייט פון אומפארגעגנגלעכן מיטן פארגענגלעכן... נ אָ ר אין וויזיע־שיין פון אייביקן פארגיין — לויכט דאָס אייביקע נ י ש ט ־ פארגיין; און פארקערט. נ אָ ר אין וויזיע־שיין פון אייביקן שווארץ — לויכט דאָס אייביקע וויס; און פארקערט. נ אָ ר אין וויזיע־שיין פון אייביקער מאטעריע — לויכט די אייביקע אידייע; און פארקערט. נ אָ ר אין וויזיע־שיין פון אייביקן נישט־זיין — לויכט דאָס אייביקע זיין; און פארקערט... זאָל אויפהערן, (אין פאַרשטעלונג), אף איין רגע — דאָס אייביקע פארגיין, — און עס הערט גלייך אויף די וויזיע פון אייביקן

נ י ש ט - פאַרגיין; און פאַרקערט. זאָל אויפהערן, (אין פאָרשטעלונג), אַף איין רגע — די וויזיע־שיין פון אייביקן שוואַרץ, — און עס פאַר־שווינדט גלייך די וויזיע פון ווייס; און פאַרקערט. זאָל אויפהערן, (אין פאָרשטעלונג), אַף איין רגע — די וויזיע פון אייביקער מאַטעריע, — און עס פאַרגייט גלייך די שיין פון דער אייביקער אידייע; און פאַרקערט... און, צולעצט: זאָל אויפהערן, (אין פאָרשטעלונג), די וויזיע־שיין פון אייביקן נישט-זיין, — אַזוי פאַרגייט גלייך דאָס ליכט פון אייביקן זיין.

יז) פונדעסטוועגן, וואָלט שוין געווען צייט צו מאַכן אַ סוף צו אָט דעם סאָרט נאַרישן אומגעלומפּערטן „דענקען", וועלכער קען דיך פאַרפירן צו די געפערלעכסטע אַבסורדן. ווי, למשל: ...אַז „מאָראַל קאָן נישט גע־מאָלט זיין, אין איר אינטימיטעט, אָן אוממאָראַל; (און פאַרקערט;) במילא, זענען מאָראַל און אוממאָראַל — איינס..." אַז „אַנטיטעזע קאָן נישט גע־מאָלט זיין, אין איר אינטימיטעט, אָן טעזע — ווי ווייס און שוואַרץ, אַל־ציינס; (און פאַרקערט;) במילא, זענען אַנטיטעזע און טעזע — איינס..." אַז „ז יי ן קאָן נישט געמאָלט־זיין, אין זיין אַניטימיטעט, אָן נ י ש ט־ז יי ן; (און פאַרקערט;) במילא, זענען ז יי ן און נ י ש ט־ז יי ן — איינס..." און אַזוי, אָן אַ סוף.

יח) נישט איין אידייע נעמט ערשט אויפגיין אין אונז, אין איר גאַנצן ראָש און פראַכט, — אַ צייט נאָכדעם, אַז זי איז שוין — אין איר מקור — פאַרגאַן... זי איז: דער טויטער שטראַל פון — אַ לאַנג־פאַר־שטאָרבענער אידייע... אַקוראַט: ווי עס דערגייט צו אונז, אַמאָל: דער שטראַל — אָ, פון אַ — אין ווייטע אומבאַקאַנטע וועלטן, אין אומגעדענק־לעכע צייטן צוריק — אָפּגעשטאָרבענעם שטערן...

יט) ווייס: אַלץ, וואָס דו זעעסט, — איז שווידערלעך־ווייט צווישנאַנ־דער; און עס איז נייטיק, דאַרום, אַ אַנדערע שרעקלעכע ווייטקייט — אין דיסטאַנץ פון דיר, — כדי אַז עס זאָל זיך שאַפן פאַר אונז — די אילוזיע פון נאָענטקייט, צי פון אַ דערנעענטערונג... אַזוי, למשל, קומט פאָר — די אויגנשיינלעכע צווישנאַנדערדיקע נאָענט־קייט פון די שטערן... ערגאָ: דער פאָרקום פון נאָענטקייט איז: דער רע־זולטאַט פון — מאָוימדיקער ווייטקייט.

כ) סיי קינסטלעריש-וויסנשאַפטלעך, סיי פילאָזאָפיש-וויסנשאַפטלעך, סיי היסטאָריש־וויסנשאַפטלעך — איז: נישט אַלץ, וואָס פּאַסירט אי־נעם לעבן, — פּאַסירט טאַקע. און אַפילו דאָס, וואָס פּאַסירט שוין יאָ, — איז: נישט אַלץ דערפון פּאַסירט, ווי געהעריק..... די פילפאַכע רעפּראָדו־צירונגען אינעם לעבן זענען, אייגנטלעך, א יי נ י ב ו נ ג ע ן ־ ר ע־פּ ע ט י צ י ע ס ב ל ו י ז — צו דער איינציק-ריכטיקער, צו דער איינ־ציק-וויכטיקער עכט־וויסנשאַפטלעכער קינסטלעריש־פילאָזאָפיש-היסטאָרי־

שער פּאַסירונג, וועלכע ציט און אַנטוויקלט איר אידעלע עקזיסטענץ — דורך דעם געדיכטן דור־איין־דור־אויסיקן מגושמדיקן לעבנס־וואַלד, וואָס האָט דיר די טבע צו פּאַרטומלען — מיט זיין רויש, ליאַרעם און געפּילדער — דעם קול־דממה־דקה פון דער עכטער טרוים־עקזיסטענץ אַליין........

נאָר זי, יענע אידעלע דינע איינציקע טרוים־עקזיסטענץ־אין־זיך, — עקזיסטירט ד אָ ך — ווי די דינסטע בלאַנקע שיין פון שוים, אָפּן רוקן פון די צעשפּילטסטע ים־עלעמענטן — אין סאַמע תוכסטן תוך, עס מיינט, אַף דער סאַמע העכסטער הייך, פון דער רעאַלער לעבנס־פּראָדוקציע; און זי אַנטוויקלט זיך ד אָ ך, אומויפהערלעך — אין פולסטן הסכם מיט די געזעצן פון וואוקס; עס הייסט: אין אומפאַרמיידלעכן אומגעהויערן געראַנגל מיט זיך גופא — אין עכטער שוידערלעכער פּיין און אין צאַרטן איידלסטן געווס; וואָס בלויז אַ שווערע קיינמאָל־פּערפעקטע פאָרם דערפון איז געגעבן געוואָרן צו זעען — אין דעם לעבן אַליין: מיט זיינע טעמפּע אומגעלומפּערטע פּרעטענזיעס אַף גראָבן אומאָפּהענגיקן געוס, גליק און וואוילזיין; מיט זיינע אומדערטרעגלעכע אַרויסטרעטן — אין נאָמען פון „רעכט", כלומרשטן צדק און יושר — קעגן כלומרשטע עוולות, אומבאַרעכטיקטע ליידן, מיט איין וואָרט — קעגן דעם אַלט־באַקאַנטן צדיק ורע לו, רשע וטוב לו... הגם — ווי שטוינענד־מאָדנע דאָס זאָל נישט פאָרקומען! — אַט דאָס פאַרבלענדעטע לעבן האָט, אַליין בידים, אַרויסגעהויבן אַף זיין הויך — אַט די עכטע וויסנשאַפטלעכע אַנטפּלעקונג פון קונסט, פילאָזאָפיע, געשיכטע...

כא) מע מוז נישט זיין קיין אידעאַליסטישער פילאָזאָף, — כדי צו זיין איבערגעצייגט אין דער מעגלעכער מאַכט פון אידייע איבער מאַטעריע — אין יעדן איינעם פון אונז. עס איז גענוג צו זיין — אַ גוטער וויסנשאַפטלעכער מאַטעריאַליסט, אום צו באַגרייפן: אַז, אַדאַנק די אַזוי־גערופענע צ ו ר י ק ר ע א ג י ר ו נ ג ע ן, — איז דער לאָגישער גייסט, וואָס ווערט פּראָדוצירט אין יעדן איינעם פון אונז, (און טאַקע אויך — אַדאַנק דעם ספּעציפישן געוועב פון דער מאַרך־מאַטעריע, וואָס טוט אים פּראָדוצירן, —) אומשטאַנד צו דערגרייכן זיין באַרוף: ווערן אומאָפּהענגיק, אַליין; און נעמען שכלדיק אַדמיניסטרירן מיט דער מאַטעריע, מיט דעם גאַנצן מענטש־איינשטעל; אויסשליסלעך, לטובת דעם מענטש!

כב) דער אייביקער געראַנגל צווישן גאָט און דער וועלט, — דאָס איז — דער פּאַטאַלער קאַמף צווישן דאָריאַן גריי און זיין בילד. (אָפּ־בילד.)....... גאָט אַליין בלייבט — אייביק יונג. ער לעבט גאָרנישט איבער — פאַר זיך. ער איז בלויז ד ע ר מ ע ד י ו ם — פאַר זיין אָפּבילד: פאַר דער וועלט; וועלכע ווערט כסדר אַלט — פאַר אַלע מאָנסטעריעזע פאַרברעכנס, וואָס גאָט טוט באַגיין, אין דער שטיל, אין געהיים — אינעם

לעבן... דאָס אומגליקלעכע געשענדעטע לעבן, דאָס איז — דער פּראָטעסט־אויסגעשריי קעגן די אייביקע געהיימע געמיינהייטן פון דעם אייביק־יונג־פּערפעקטן גאָט: וועלכער איז — דורך עמיצן, אַ העכערן און אַ מעכטי־קערן פון אים — פאַטאַל געבונדן, ווי דער מעדיום, צו זיין ווערק... און, אין שווערע שרעקלעך־טיפע לײדן געזונקען, — וואַרפט ער זיך, געטלעך־פאַרצווייפלט: צו דערמאָרדן דאָס בילד — די שטאַרקערע פון אים פאַטאַ־ליטעט — און אָנהויבן אַ פרייַ געטלעך לעבן, פונדאַסניי!...... אָבער דאַן — נאָך יעדן מאָרד־פאַרזוך, — ווערט די אַלטע וועלט — באַנײַס יונג, ווי אַמאָל, אין בראשית, אין ערשטן באַשאַף... נאָר — ג אָ ט אַ ל יי ן ווערט — אַלט און מיד, אָפּגעלעבט און דערשעפּט — אַזוי ווי טויט; און ער מוז אַוועק רוען — אַ צייט...

---

# מ ע נ ט ש  א ו ן  א י ד יי ע.

**א)** כי לא יראַני האָדם וחי — „אַז א י ך זאָל בלייבן לעבן!” — זאָגט די אידייע. ווען דער מענטש קומט פאַרווירקלעכן זיין אידייע, — ווערט ער אַליין — אויס מענטש. במילא, ווערט אויך זיין אידייע — אויס.

**ב)** כי לא יראַני האָדם וחי. ווען דער אידעאַליסט ד ע ר מ ע נ ט ש דערזעט — זיין אויסגעטרוימטן אידעאַל, — דאַן שטאַרבט ד ע ר א י ד ע אַ ל י ס ט, שטאַרבט ד ע ר מ ע נ ט ש; (און, מיט אים צוזאַמען, שטאַרבט, במילא, ז יי ן א י ד ע אַ ל: וועלכער עקזיסטירט דאָך ניט — אומאָפּהענגיק, אַן־און־פאַר־זיך; נייערט, ער איז בלויז — דעם מענטשנס בלוטיקער טרוים;) און, אַ ף ז יי ן אָ ר ט, שטייט אויף — אַן אַלט־ניי צווייפיסיק באַשעפעניש: וועלכעס קלויבט זיך זשע־רען, גענים — „אידעאַל”...... ווייל: אידעאַלן זענען נישט געגעבן געוואָרן — צום פאַרווירקלעכן, נייערט בלויז — צום שטרעבן צו זיי... נ אָ ר ד ע ר מ ע נ ט ש איז געגעבן געוואָרן — צום פאַרווירקלעכן. און מענטש איז — אומויפהערלעכער גאַנג און ווערן; נאָכאַנאַנדיק שטרע־בן צו אידעאַל — וואָס קאָן קיינמאָל נישט פאַרווירקלעכט ווערן; אומענד־לעכער באַנג צום אומדערגרייכלעכן, צום אומפאַרווירקלעכבאַרן אידעאַל — מענטש!

**ג)** כי לא יראַני האָדם וחי. דער אָנקום פון דער אידייע, דאָס איז — דער סוף פון דעם מענטש. אים, דעם מענטש, איז נישט געגעבן גע־וואָרן צו לעבן, באַנאַנד מיט זיין אידייע — אינערהאַלב דעם לעבן. עס איז דער גורל פון מענטש: זיך צו שטרעקן פאַר זיין אידייע; פיבערהאַפט קעמפן פאַר איר דערגרייכונג..... ביז ער דערהערט, ענדלעך, אירע טריט.

אָ, ער זעט איר אָנקומען פון ווייטן — זיין גאָלדענע וויזיע, דאָס פאַר־שפּראָכענע לאַנד... העכסטער עקסטאַז... און ער ווערט אַנטשפּאַנט, דער גליקלעכער מיט לייטזעליקייט־געבענטשטער מענטש; ער בלייבט דער־שעפּט, אין דעקאַדענץ. אָ, ער פאַרגייט..... דאָס איז — דער גרוויזאַמער ליבע־שפּיל פון דער אידייע, מיט דעם מענטש: וואָס האָט איר אויסגע־טרוימט; וואָס האָט איר גערופן; אָ, וואָס האָט זיך דערוועגט — איר צו שטערן, אין איר געטלעכער רו... האָט זי אים דערהויבן צו שרעקלעך־אומ־היימלעכע מאוימדיק־איינזאַמע בערג־הויכן. דאָרט, האָט זי זיך אים גע־געבן. און זי האָט אים גענומען צו זיך — במיתת־נשיקה. און ער איז פאַר־שוואונדן, דער מענטש, פון דעם לעבן. און עס ווייסט נישט קיינער, וואו עס איז אַהינגעקומען זיין געביין..... נאָר, נאָך אים, (נאָכן פאַרגיין פון מענטש מיט זיין אידייע, וועלכע איז — ער אַליין), — בלייבט דאָרט — אונטן, אינעם טאָל — דאָס לעבן, די מאַסע: וועלכע גייט ערשט, מיט שטורעם און באַגייסטערונג — דעראָבערן דעם מענטשס פאַרשפּראָכן לאַנד; מיט פייער און שווערד, דאָרט פאַרפלאַנצן דעם מענטשס ליבע־אידייע; דעם העכסטן לויטערסטן טרוים פון דעם מענטש, אָ, וועלכער איז שוין לאַנג געשטאָרבן. אָבער, די אָרעמע מאַסע קומט ערשט קנעטן, אויס דעם גראָען פאַרגייענדן לעבן — אַ אומשטערבלעכן מאָנומענט פאַר זיין אייביקן זיין.

ד) סודות, דאָס זענען — קולטור־ווערטן אין זיך. נישט איינער פאַר־מאָגט זיי, דורך איינהאַנדל, און האָט זיי אַלץ נישט. זיי בלייבן פאַר אים — שטאָלץ־אָפּגעשלאָסן, אין זיך איינגעשלאָסן, ווי געווען. ער קאָן זיי גראָב פאַרגוואַלדיקן, גראָב גענים; נאָר, קיינמאָל נישט געווינען זייער האַרץ. ווייל זיי פאַרקויפן זיך נישט...... דאַקעגן, דער אויסדערווײלטער — דער, וועמען זיי האָבן ליב — דער, צו וועמען זיי געהערן, מיט זייער לייב און זעל, — אָ, ער דאַרף זיי נישט קויפן. זיי זענען — ז יי נ ע — אומע־טום, וואו זיי געפינען זיך. זיי פאַרלאָזן, מיט עקל און גרויל, זייער נבזה־דיקן איינהענדלער, וואָס האָט אַף זיי אויסגעשטעלט זיין מערקאַנטיל־מאָ־ראַלישן קויף־שיין; און זיי איילן, פרייע און אומשולדיק־גליקלעכע, צו זייער האַר, אים צו שענקען די ליבע — זייער אומבאַרירטן סוד.

ה) ווערטן — פון קונסט, פון קולטור — זענען אַ יי נ צ י ק, אָרי־גינעל, אומבאַרירט. אין דעם באַשטייט דער סוד פון זייער ווערט. זיי געהערן זיך, דאַרום, מיט דער פּילצאָליקער רעפּראָדוצירונג פון לעבן, מיט דער מעכאַנישער נאָכאַמונג לחלוטין נישט אָן. זיי מוזן ווערן איינגעהיט אין די טעמפּלען פון קונסט, פון קולטור; וואוהין דער לעכצנדער מענטש פון דער וועלט זאָל עולה־רגל־זיין, פון ווען צו ווען: צו שטילן, אַף אַ מאָ־מענט, זיין דורשט; און מיטנעמען פונדאַנען מיט זיך, אין זיין לעבן —

דעם אייביקן חלום-פּלאַם, זיין אייביקע נאָגנדע בענקשאַפט צום אידעאַל...... ווערט אָבער דער צעשטו־רעמטער מאַן, אין זיין פאַרבלענדעטער שיכרות: איבערפאַלן זיינע טעמפּ־לען, זיי צעשטערן, און מיטנעמען זיינע ווערטן פון קונסט, פון קולטור — מיט זיך, אַף דער גאַס — „כדי צו פאַרבלייבן מיט זיי, שוין אַף אייביק, אומגעשיידט", — אָ, דאַן, ווערט ער זיך, גאָר אינגיכן, כאַפּן אַף זיין בראָך: ווי זיין אייגן לעבן האָט זיי דערשטיקט; און געלאָזן זיך אומוואַלגערן אור־מעטום — אָ, אין אַזאַ מוראָדיקער אָנגעאַרבעטער שפע — בלויז דאָס אָפּגעבליאַקעוועטע אָפּבילד פון דעם, וואָס ער, דער מענטש, איז אַליין אַמאָל געווען...

ו) נישט וועלן פאַרשווערכן די אידייע — דאַן, ווען עס סטייעט שוין נישט קיין כוח דאַרויף, — איז נישט אַזוי קיין טוגנט — ווי, גיכער — אַ צייכן פון אימפּאָטענץ... אין דעם, אייגנטלעך, באַשטייט די טראַגיק פון מענטש: ער סאַרפּעט אויס די ווייַדע יוגנט-קראַפט — אַפּן וועג צו דער אידייע; און ער דערגייט צו איר — אַן אַלטער מרה-שחורהדיקער מאָראַליסט. עס איז נישט אַזוי די מרה־שחורה פון נישט־וועלן, — ווי די — פון נישט-קענען. דערפאַר, ווערט דער אַלטער מענטש — נאָך טראַגישער: ווען ער קומט זוכן אַ דערפרישונג צו זיין אָפּגעלעבט געמיט — אין דעם קאָכיקן בתולה־שוים פון דער אייביק־יונגער אידייע... ווייל: פאַר קיין זאַך זענען געטער נישט־אַזוי ברוטאַל־נקמהדיק, — ווי — ווען מע קומט זיי פאַרשווערכן מיט אימפּאָטענץ.

ז) דער אינטערעס פון לעבן באַשטייט — אין אַנטפּלעקן די עקזיס־טענץ פון סודות, (אַזויאַרום, מאַכן אָנגעפּולט אונזער לעבן מיט געהיימניש, צויבער, מיסטעריע;) און נישט — אין אויפקלערן די געהיימנישן; עס הייסט — לאָזן אונזער לעבן אויסגעליידיקט גרוי, אָן יעטוועדער אָנציונג... אָנפילן דאָס לעבן מיט סודות, מיט צויבער און רייץ צו דער פאַרשלייערטער מיסטעריע — איז דער סינע-קוואַ־נאָן פון קול־טור, פון מאָראַל, פון בושה. און די אַנטהילונג אַמאָל פון דער באַ־גערטער געהיימניש ווערט דערהויבן, דורך די יחידי־סגולה, צום אינטימסטן סודותפולן יחוד. דאַקעגן, די גראָע פינצטערע מאַכט לוסטעט אַרונטערצורייסן ברוטאַל אַלע שלייערן פון דער קולטור־מיסטע־ריע — לעין־השמש; אינמיטן גאַס, ווילד-צעיושעט, איר אַרויסשטעלן נאַ־קעט, איר אַנידערשליידערן אַפּן שליאַך, זיך התעלל־זיין אין איר, איר לעס־טיקן, איר שענדן.

ח) פונקט, ווי די ערד, (אין איר ליבע-שפּיל מיט דער זון,) הערט נישט אויף צו מאַרשירן, אָן־אָפּשטעל: אַף איר איינענער דעמאָנסטראַציע

— ארום יענער און, אין דער זעלבער צייט — זיך־דרייען ארום ז י ך,
זיך־עקסהיבירן כסדר — אין אלע זייטן, — אזוי אויך — דער מענטש-
אקטיאר, (אין זיין ליבע־שפיל מיט דער אידייע,) הערט נישט אויף, אלע
זיינע טעג און נעכט, צו מארשירן: אף זיין אייגענער דעמאנסטראציע —
ארום דער אידייע און, אין דער זעלבער צייט — זיך־דרייען ארום־זיך, אין
אלע זייטן; זיך — נאכאנאנד, אן־אפשטעל — עקסהיבירן...

ט) דער מענטש, (ווי די ערד, אין איר ליבע־שפיל מיט דער זון), בעת
ער דרייט זיך ארום א צענטער, אויסער זיך — ארום זיין זון, (די
צענטריפוגישע קראפט, די אטראקציע), — הערט ער ניט אויף, אין דער
זעלבער צייט, אף קיין רגע, צו מאכן קרייזן ארום זיך גופא, (די רעפולסיווע
צענטריפעטישע קראפט); אין אומויפהערלעכן געראנגל צווישן זיין טאג
מיט זיין נאכט, זיין ליכט מיט זיין פינצטער. אינעם
לעצטן איז אן אויסנאם — דער פאלארער עקסטרעמיסט. ער קומט פאר:
אדער — איין לאנגע פינצטערע נאכט; אדער — דער אייביק־ליכטיקער
טאג.

י) גוטס און שלעכטס זענען — סאציאלע באגריפן. זיי מוזן ווערן אנגע-
ווענדעט אף עמיצן. זיי קענען נישט געמאלט זיין — אליין, אן אנ-
ווענדונג. זיי קענען נישט עקזיסטירן אינערגעץ — אליין, אלס אידעאל —
אויסער דעם מענטשנס סאציאלער השגה. אז און פאר זיך, איז — גוטס
נישט קיין גוטס, און שלעכטס — נישט קיין שלעכטס. די מאראל איז א
סאציאלער באגריף, ווייל זי באדינגט דעם קיום פון דער מענטשלעכער גע-
זעלשאפט. ליכט און פינצטער קאנען נישט געמאלט
זיין — אן לעבן. ליכט און פינצטער מוזן עמיצן מאכן ליכטיק, אדער פינצ-
טער. זיי קומען פאר, ווי גוטס און שלעכטס. זיי זענען ביידע — טיילן פון
דער מאראל. דאס זעלבע זאל אנערקענט ווערן וועגן שיין
און מיאוס. זיי מוזן אזוי פארקומען — בא עמיצן אין די אויגן. זיי זענען
— עמיצנס א באגריף, עמיצנס א געפיל; און באגריפן און געפילן האבן
די טבע — אז זיי מוזן פון עמיצן ווערן געדענקט, אדער געפילט.

גוטס און שלעכטס, ליכט און פינצטער, שיין און מיאוס
— מיט איין ווארט: טייוול און גאט, קאנען נישט געמאלט זיין — אוי-
סערהאלב דעם לעבן. זיי מוזן פון עמיצן ווערן באגריפן און געפילט, דער-
קענט או דערזעען. זייער עקזיסטענץ איז — א שייכותדיקע צום מענטשן,
א סאציאלע. נעמט אוועק דאס געפיל פונעם לעבן, דעם געדאנק פונעם
לעבן, דעם זין פון לעבן — און זיי שטארבן גלייך אפ, ווייל זיי בלייבן
זינלאז. דער סאציאלער מענטש איז — די
עקזיסטענץ-באווארעניש פאר טייוול און גאט. ווייל פונקט ווי דער מענטש
איז געבונדן צו זיין גורל, אזוי איז גורל געבונדן צום מענטשן. יענעם טאג,

ווען דער גורל פאַרענדיקט פּאַטאַל מיטן מענטשן, — דערשפּירט ער, פּלוצים, אין טויט־אַנגסט: ווי ער האָט פאַרענדיקט מיט זיך.

יא) דאָס אומפּערפעקטע מענטשלעך־טייוולישע לעבן איז — די רעהאַבי־ליטאַציע פון טויט־פּערפעקטן גאָט; זיין תחית־המתים, זיין עגן־ההצלה — אין דעם פּערפעקטן אומענדלעכן ים פון טויט. אומפּערפעקטער מענטש פון ביאָלאָגישן געוועב, מענטש־אוניווערז פון שוואַכן בלוט און פלייש איז — די רעהאַביליטירונג, די אַנטשולדיקונג פון פּערפעקטן גאָט, זיין עקזיסטענץ־פאַרענטפערונג: ווייל יעדער באַשאַף איז אַ רעפּראָדוקציע... ווי, בכלל, איז: דינאַמישע אומפּערפעקציע — די רעהאַביליטאַציע פון דער סטאַטישער פּערפעקציע. ווייל עס איז דאָך שוין ידוע: אַז אי אפשר לעולם: עס קאָן נישט געמאָלט זיין: אומפּערפעקציע — אָן פּערפעקציע, און פאַר־קערט. אַקוראַט ווי ווייס און שוואַרץ, ליכט און פינצטער, טאָג און נאַכט, אַנטימעזע און טעזע, פאָן און בילד, נישט־זיין און זיין, וועלכע זענען — פּאַטאַל־אייביק־זיך־באַגלייטנד־אומצעטיילבאַר — אין מהות, אין קיום, אין באַגריף, אין דמיון — איינס.

יב) דער זייגער גייט — און די שטוב ברענט.

יג) נוח לו לאָדם שלא נברא משנברא...

— וועלכער אָדם?! איז דען ערגעץ פאַראַן דער מענטש — פ א ר דעם באַשאַף — אַז מע זאָל קענען זאָגן וועגן אים: נוח לו וכ"ו?!

— יאָ. ער איז פאַראַן. ווייל דער באַשעפער איז כולל אין זיך אַלץ, וואָס ער ברענגט נאָכהער פון זיך אַרויס. ווייל איטלעכער באַשאַף איז — אַ רעפּראָדוקציע, נישט — קיין נייס...... עס איז נישט מחדש — דער אַל־טער פּערפעקטער עצם בלתי משתנה: כדי צו פאַרמאַכן לייטן די מיילער; עס מיינט: נישט דאַרפן האָבן צו טון מיט די פילאָזאָפישע יאַבעדעס די אָפּפרעגיער — וועלכע וואָלטן גלייך אויסגעפונען, דאַדורך, (מחמת דער נ יי ק יי ט,) — אַ געפערלעכע צערודערונג אין זיין פּערפעקטער־איינמאָל־אַף־תמיד־אומפאַרענדערלעכקייט; און אַז זיי, די זלידניעס, טשעפּען־זיך צו, — וועסטו זיך שוין אויס זייערע לאַפּעס נישט אַרויסדרייען; וועלן זיי, מיט זייער טייפלישער לאָגיק, אים אויפגרייזשען, גאָט — אַ לעבעדיקן...... און עס ברענגט נישט אַרויס קיין נייס — אפילו דער העגעליאַניש־דינאַ־מישער גאָט, וועלכער יאָגט זיך אייביק נאָך פּערפעקציע: ווייל דאָס מיינט אַלץ — די אויסוויקלונג און אַנטפּלעקונג, פ א ר ז י ך ג ו פ אָ — פונדערפון, וואָס עס שלאָגט אין דער אייגענער טיף, אין פּאָטענץ...... אַזוי, אַז דער גאָט־באַשאַפער — קדמוניותדיק, ווי ער אַליין איז — איז אין זיך כולל אַלץ, וואָס ער ברענגט דערנאָך אַרויס, אַלס באַשאַף...

יד) קיינער איז נישט פאַרורטיילט אַזוי — פּאַטאַל צו האַנדלען קעגן דער מאָראַל, — ווי גאָט אַליין. ווייל: בעת דעם מענטש, מ י ט

ד ע ר  ב ח י ר ה ־ ח פ ש י ת,  ווערט פארעכנט פאר אַ טוגנט — דאָס מקריב־זיין  ז י ך,  און באַפאַרצונגן די מאָראַל, — איז דער פערפעקטער גאָט, דאַקעגן, (אַליין — די טוגנט פון אַלע טוגנטן, און די מאָראַל פון אַלע מאָראַלן —) פאַטאַל געצוואונגען, (אָן דער מינדסטער ווייטסטער שיין  פ ו ן  ב ח י ר ה,)  צו האַנדלען נאָר — פערפעקט־מאָראַליש, און נישט אַנדערש. עס הייסט: צו האַנדלען, אייביק — אין הסכם בלויז  מ י ט  ז י ך  א ל יי ן;  עס מיינט: צו פאַרבלייבן, אייביק — עגאָיס־טיש־טריי  נ אָ ר  צ ו  ז י ך  א ל יי ן...  אם־כן: וואו־זשע איז דאָ פאַראַן — די מאָראַל?!.

טו)  דער וואוקס, עס הייסט — ד י  ב אַ וו א ו ס ט ז י נ י ק ע  ד ע ר ק ע נ ו נ ג  (דערקענטעניש) פון דער מענטשלעכער געזעל־שאַפט — הויבט זיך אָן: פון דער פרע־היסטאָרישער אסאָציאַציע פון צוויי; און ציט זיך ווייטער — אין דער פאָרמיקער אויסברייטערונג: פון משפחה, שיכט, קלאַס, פאָלק, מענטשהייט...... אָבער, וואָס ווייטער עס גייט די אַנטוויקלונג, — אַלץ שוואַכער, טונקעלער און שלאַבעריקער ווערט דער באַוואוסטזיין... דער מענטש  ד ע ר ק ע נ ט ־ צוערשט (אינדוקטיוו־א ו מ דירעקט,) און  ד ע ר פ י ל ט ־ דערנאָך (מיט דער צייט — בלינד־ד י ר ע ק ט,) — די מיטגלידער פון זיין משפחה. דער מענטש  ק אָ ן  שוין אָבער נישט (נישט — אינדוקטיוו־ א ו מ דירעקט, און אַ וודאי נישט — בלינד ־ ד י ר ע ק ט,  עס הייסט — קאָנקרעט; און ער קאָן דאָס בלויז באַנעמען — אינדוקטיוו ־ א ב ס ט ר א ק ט) — אַלע מיטגלידער פון זיין שיכט; א וודאי נישט — פון זיין קלאַס, פון זיין פאָלק, פון דער מענטש־הייט. נאָכמער: אָפט, איז דער מענטש — ע ג אָ ־ פ יי נ ט ל ע ך ־ אומבארעכטיקט, עס הייסט, אומפארנונפטיק — צו מיטגלידער פון זיין אייגענעם קלאַס: דאָן, ווען עס גייט אין פאַרטיידיקן די בלוטיקע אינטע־רעסן פון דעם גאַנצן קלאַס; א.א.וו... „אם־כן — פרעגט די ריינע פאַר־נונפט — וואָס־זשע וועט עס ווערן פון דער שטאָלצער שכלדיק־אוניווער־סאַלער אידייע — מ ע נ ט ש ה יי ט ? ! .”

טז)  שוין העגעל, אין זיין „לאָגיק”, האָט געניי דערקלערט — דעם אומ־זין: צו פּרואוון דערווייזן, עפ״י שכל — די עקזיסטענץ פון גאָט. דאָס איז אויסגעשלאָסן, דערפאַר: ווייל דער מענטשלעכער שכל, די לאָגיק, איז — א מאטעריעלע; במילא, איז זי נישט ביכולת, באין־אופן, צו דערווייזן די עקזיסטענץ פון עפעס אזוינס, וואָס איז — מחוץ פון איר השגה: נישט־מאַטעריע...

יז)  דער גערא‏נגל פון דאָריאַן גריי מיט זיין בילד, דאָס איז — דער איי־ביקער קאַמף פון דער מאַטעריע מיט דער אידייע, פון מענטש מיט זיין גאָט. דער מענטש: אין זיין שטענדיקן דראַנג צו פאַרבלייבן — איי־

**ביק-יונג, — מאכט — ווי דער פּאַקטישער מעדיום פון זיין אידייע,** — **א י ר** — גראָ און אַלט. און עס איז גוויס: אַז דער מענטש אַליין פון לעבן זאָל ווערן, (פון זיינע ליידן, דורך פרייידן און ליידן), אַליין — אַלט, — כדי אויסצולייזן זיין אידייע; און איר אומקערן צו איר קונסט-פּרייער יוגנט פון בראשית.

יח) לויט די העגעלאַנישע מאַטעריאַליסטן, — איז דער די נ ג ־ א י ן־ ז י ך — דער אידעאַל־אַבסטראַקטער פּרע-קאָסמאָגאָנישער קדמוד־ גיותדיקער אור-עטאַפּ פון ריינער טעזע-אַנטיטעזע, אין געראנגל; וועלכער (דער געראַנגל,) איז אומענדלעך: אי אין צייט, (באַוועגונג,) אין אין רוים, (פאַרנעם...)... אַט דעם ד י נ ג ־ א י ן - ז י ך — די אינטימסטע רעאַליטעט פון דער עקזיסטענץ, — איז דער אינטעלעקט — וועלכער איז אונטערגעוואָרפן די זעלבע געזעצן פון אנטיטעטישן געראַנגל, — א וודאי, מסוגל צו באַנעמען — אינדוקטיווא פּאָסטעריאָרי; דאָס הייסט: פונעם פּרט — צום כלל...

---

## אינטעליגענץ און מאַסע

א) משה קיבל תורה מסיני, ומסרה ליהושע, ויהושע לזקנים, וזקנים לנביאים, ונביאים מסרוה לאנשי כנסת הגדולה. די געשיכטע פון דער אוניווערסאַלער קולטור, דאָס איז — די געשיכטע פון דעם הערמעטיש־גע־ שלאָסענעם אָרדן פון דער אַלוועלטלעכער אינטעליגענץ, וועלכע גיט איבער די ווערטן בירושה, פון דור צו דור, בלויז צו די אייגענע, פון גורל־באַציי־ כנטע זין — זיי זאָלן גיין זייער אייגענעם וועג, און טראָגן הויך און שטאָלץ דעם פּאַקל, וואָס שטראַלט אויס זיין שיין ארומונארום, און באַלויכט בג־ וואלד די אייביקע יושבי חושך וצלמות. - אָ,

דאָס איז די פּאַטאַלע געשיכטע פון דעם אייביקן גאָלדענעם „אָדער", וואָס ציט זיין אייגענעם וועג — אין דעם אייביק-גרויען פעלז; און ער טוט אים, דאַדורך, א ף א ז ו י פ י ל, באַווערטיקן.

ב) אַלץ, וואָס איז פּ יי ע ר, (גייסט, אידייע) — סיי דאָס פייער פון ה א ר צ ן: (ע מ אָ צ י אָ נ ע ל ע ליבע, רחמנות; האס, אכזריות: ווייל פון ליבע צו האס איז — איין שריט;) סיי דאָס פייער פון מ א ר ך: (א י נ ט ע ל ע ק ט ו ע ל ע ליבע, רחמנות; האס, אכזריות), — נוויטיקט זיך אין — חומר, מאַטעריע, ברענשטאָף צום פאַרצערן.

ד ע ר פּ א ר : איז אינטעליגענץ (גייסט, אידייע) — שלעכט (אַזוי, א י ן ל י ב ע; ווי אין האַס;) ווייל: פּ יי ע ר — פּ א ר־ צ ע ר ט . . . דאַקעגן: אידייע אַליין — אָן מאַטעריע, (פייער אַליין — אָן ברענשטאָף), — עקזיסטירט נישט. (לויכט נישט...)

ג) אָרדענונג, פאַר אַלץ. איטלעכן — זיין פּלאַץ. לאָמיר אַראָפּנעמען אַ
משל פון דער גרויסער ביאָלאָגישער מענטש-קאָנסטיטוציע: וואו די
באַוואוסטזיניקע מאַסע מאַרך־קעמערלעך האָט זיך אַ י ר פונקציע —
צו דענקען און פאַרוואַלטן; און די פינצטערע מאַסע אינגעווייד־קעמערלעך
האָט זיך אַ י ר ע — צו זיין די טינוף-פירער. פאַרפאַלן, ברידער אַרבעטס-
לייט; כי לכך נוצרת... ווילן דאָך אָבער, אַמאָל,
די פון אונטן נישט ליידן די אייביק-פינצטערע שקלאַפעריי; פאָדערן צו
ענדערן דעם סדר אין דער מענטש־קאָנסטיטוציע; און זיי פאַרופן אַ קול־
טור־קאָנגרעס פון צואָה־פירער; און — נאָך ליידנשאַפטלעכע אידעאַליס־
טישע דעבאַטן, וועלכע ווערן אויפגעהאַלטן, דורך אַלע קולטור־דעלעגאַטן,
אַף דעם העכסטן טינופדיקסטן קולטור-ניוואָ, — טוען זיי אַלע דאָרט פּראָ-
קלאַמירן, פייערלעך און איינשטימיק: אַז „— קולטור איז צ ו אָ ה, און
צואָה איז ק ו ל ט ו ר! אַז וואָס מער צ ו אָ ה — אַלצמער ק ו ל־
ט ו ר; און וואָס מער ק ו ל ט ו ר — אַלצמער ש אַ י ס ע ! . . .
דאַרום, פאָדערן זיי, קאַטעגאָריש־אימפּעראַטיוו: — פרייע אומבאַגרענעצ־
טע עקספּאַנסיע פאַר דעם אַלמעכטיקן אומאָפּהאַלטלעכן געניאַלן שוואונג
פון דער אוניווערסאַלער אַלוועלטלעכער צואָה־קולטור: — פון אַלע נאָ־
בעלע הומאַניטאַרע טינוף־גייסטער פון דער מענטשהייט; און טאַקע, פון
אַלע פעלקער און ראַסן אונטער דער זון!...” און דערנאָך, בכּדי דאָס צו
דערגרייכן, — נעמען זיי, און זיי רופן אויס אַ רעוואָלוציאָנערן גענעראַל־
שטרייק, — דאַן ווערט, ווירקלעך, ביטער, פּלוצים, פאַר אַלע צדאָדים מיט
אַמאָל... . נאָר גאָר-שלעכט ווערט ערשט
דאַן, ווען דער צעבונטעוועטער פינצטערער המון נעמט זיך רייסן פון אונטן
צום אויבנאָן, צו פאַרכאַפּן די מאַכט... תחת שלוש רגזה אָרץ; תחת עבד כי
ימלוך... דאַן מאָג מען זאָגן, מיט אַן אמת, אַז — דער מענטשהייט נעמט
שטינקען פון קאָפּ...

ד) עס איז אייביק דער עלעמענטן־קאַמף: צווישן דינאַמיק און סטאַטיק,
אַנטיטעזע און טעזע, ליכט און פינצטער, אינטעלעקט און אימפּולס,
אינטעליגענץ און מאַסע, רעוואָלוציע און קאָנטררעוואָלוציע.

עס איז אייביק — דער קאַמף: ווייל עס זיינען אייביק, אין זייער
אומפאַרענדערלעכער עקזיסטענץ — די עלעמענטן.

וואָס מער עס ווערט פאַרשאַרפט אין דער וועלט דער דינאַמיש-אַנטיטעטי־
שער ליכטיק־אינטעלעקטועלער רעוואָלוציאָנערער אויפברויז פון דער אינ־
טעליגענץ, — אַלץ שאַרפער ווערט (מ י ט ד ע ם א ל י י ן ט אַ־
ק ע . . .) געררייצט צום קאָנטררעוואָלוציאָנערן ווידערשטאַנד און בונט
— דער סטאַטיש־טעזישער פינצטער־אימפּולסיווער ברענשטאָף פון דער
מאַסע. ווייל: ליכט — טאָרן מיר קיינ-

מאָל נישט פאַרגעסן —: ווערט — אונטער אַלע אייביקייטן — פּאַטאָל
דערנערט: נאָר פון פינצטערן ברענשטאָף. עס
פלאַמט די פ י נ צ ט ע ר ע ברענשטאָף-מאַסע — מיט העלישער שנאה
צום ליכט — און זי ב ר ע נ ט (באַלויכט...) זי בלייבט גרייט: „— זיך
אַליין צו אומברענגען, פאַרצערן — אַבי דאָס גאָט־פאַרדאַמט טייפלש-פאַר־
האַסטע ליכט צו פאַרניכטן! און וויסט־כאַאָטיש-פינצטער — איבעראַל
זאָל ווערן!..“ (יעדער זעלבסטמאָרד איז — א מאָרד;) — און, דערווײַלע
— ב ר ע נ ט ז י; א ו ן ז י ל ו י כ ט...

און עס פלאַטערט דאָס ליכט — מיט העלישער ליבע צו דער
ברענשטאָף־מאַסע; עס צערט זיך אויס — א ו ן ע ס ל ו י כ ט... עס
בלייבט גרייט „— זיך אַליין צו אומברענגען, פאַרצערן — אַבי די פינצ־
טערע ברענשטאָף-מאַסע צו צעצינדן, צו צעפלאַמען! און ליכטיק, אָ, אי־
בעראַל — זאָל שוין אמאָל ווערן!... (יעדער מאָרד איז — א זעלבסטמאָרד;)
— און, דערווײַלע — ל ו י כ ט ע ס..... אַזוי איז
— די פּאַטאַליטעט; די אייביקייט... דאַקעגן: ליכט פון ליכט
אַליין — אָן ברענשטאָף, — (דאָס הייסט — לאָמיר פּרואוון ,אין דמיון, א
ווײַלע, דאָס צולאָזן —:א וועלט פון לויטער־רעוואָלוציאָנערן גייסט אַליין
— אָן פינצטערער ברענשטאָף-מאַסע...) — ברענט נישט. לויכט נישט...
מוז, פּאַטאַל: פאַרשווינדן, צוזאַמענברעכן, פאַרגיין...

ה) דער מענטש איז געבענטשט מיט זיין איך־גורל: אז ער זאָל זיינע
פּראָבלעמען — קיינמאָל נישט לייזן; אז ער זאָל זיינע צילן — קיינ־
מאָל נישט פאַרווירקלעכן; אין אַלגעמיין: אז ער זאָל קיינמאָל נישט אָנקור־
מען — א ה י ן, ו ו א ו ה י ן — עס קומט אים פאָר: אז — ער שטרעבט...
ווייל: פּראָבלעמען — דאַרף מען וויסן — עק־
זיסטירן נישט אַ ן ־ א ו ן - פ אַ ר - ז י ך, אויסערהאַלב ד ע ם
מ ע נ ט ש ן. ד ע ר, וואָס איז — טעמפּ־
נישטיק-פלאַך, — שטרעבט נישט אין ערגעץ; צילט נישט צו גאָרנישט;
און נישט ער האָט — וועלכע פּראָבלעמען צו לייזן.

פּראָבלעמען פאַנגען זיך אָן מיט ד ע ם מ ע נ ט ש ן, וועלכער
נעמט זיך פאָר: צו ג ר י נ ט ע וו ע ן ט י ף; (מסתמא, דערפאַר: ווייל ער
איז דאָס...) און, קוים האָט ער זיך אזוינס פירגענומען, — אַזוי ווערט גלייך:
טיפקייט אַליין אַן־און־פאַר־זיך — זיין ציל. במילא, איז קלאָר: דאָס ער
וועט די טיפקייט זיינע — קיינמאָל נישט דערגרינטעווען: פּשוט, דער־
פאַר: ווייל ער איז — אומענדלעך-גרונטלאָז. ווייל: יעדעס מאָל, ווען ער
וועט אין ערגעץ דערגיין, — וועט ער, דאַדורך אַליין, (מיט זיין בלויזן
אָנקומען אהין), — באַלד פאַרוואַנדלען יענץ מקום — אין פלאַכטקייט פאַר
אים! און ער וועט — ש ו י ן, נעמען שטרעבן ווייטער — צ ו ט י פ־

 וויל: פּראָבלעמען —
דאַרף מען וויסן — זענען: אייביקער דינאַמישער אומרו; דאָס פייער, דאָס ליכט: וואָס הערט נישט אויף צו פלאַטערן, צו לויכטן, צו פאַרצערן.
אומזיסט באַמיט זיך דער סטאַטישער אימפּולס פון מענטשנס פינצטערער וועלט: צו איינהאַלטן דעם אומרואיקן פלאַטער פון עם ליכט; אָפּצושטעלן דאָס ברענען; אָ, מיט זיין אָרעמען אימפּולסיוון פּראַקטישן זין, (וועלכער איז, פאַקטיש — פינצטערער אומזין,) — צו לייזן דאָס פּראָבלעם פון אייביק־אומרואיקן לויכטנדן אינטעלעקט; צו שטעלן דעם געדאַנק — איינמאָל אַף תמיד; צו פאַרהאַלטן זיין לויף, זיין אומרו... ער — דער ליכטיקער אומרואיקער
זין — ווייסט בלויז: צו פאַרצערן ד ע ם פ י נ צ ט ע ר ן ב ר ע נ ־ ש ט אָ ף פ ו ן א י מ פּ ו ל ס — און אַליין ברענען ווייטער, אָן־אויפ־הער, אייביק... אָ; אומזיסט וועט אויך זיין, ערשט, דער פּאַטאַלער פיינטלעכער פאַרזוך פונעם פינצטערן ברענשטאָף־אימפּולס: „...זיך־אַליין צו לאָזן אויסצערן — ביז לעצט! אום, דאַדורך — דאָס ליכט אויך אומצוברענגען! און כאַאָטיש־פינצטער זאָל, נאָכהער — איינמאָל־אַף תמיד, אייביק ווערן!”... (יעדער זעלבסטמאָרד איז — א מאָרד; און פאַר־קערט.) אויך דאָס איז — אומזיסט.
וויל: ע ר — דער אייביק־לויכטנדער אומרו — וועט שוין וויסן: „...ווי־אַזוי צו דערנערן כסדר דעם פינצטערן אימפּולסיוון ברענשטאָף: אום, ער זאָל צוקווועלן; ער זאָל זיך נישט אויסנעמען. במילא: וועט דאָס ליכט פונעם מענטשן — וועלכעס איז, פּאַטאַל־אייביק, געבונדן צום ברענשטאָף..., — זיך אויך קיינמאָל נישט אויסנעמען; נייערט: אייביק, אומויפהערלעך — פאַרצערן; און: אייביק־אומויפהערלעך — לויכטן... אַזוי,
איז דער מענטש געבענטשט מיט זיין איך־גורל: „ער זאָל זיינע פּראָבלעמען קיינמאָל נישט לייזן; ער זאָל זיינע צילן — קיינמאָל נישט פאַרווירקלעכן; אין אַלגעמיין: ער זאָל קיינמאָל נישט אָנקומען — א ה י ן, וואוהין — עס קומט אים פאַר: אַז — ער שטרעבט...” וויל: פּראָבלעמען — דאַרף מען וויסן — עקזיסטירן נישט א. א. וו. (זע דעם אָנהויב.)

ז) נאָכאַמאָל: פאַרוואָס־זשע פאַרט האַסט אַזוי דער המון — דער פאַר־זענלעכקייט? זאָל זיין: דערפאַר, ווייל זי, די פאַרזענלעכקייט, שטרייכט אונטער, אייביק — אָן דער מינדסטער אָנשטרענגונג, בלויז מיט איר אופן־עקזיסטענץ אַליין — זיין, דעם המונס, נישטיקייט?
קאָן זיין. נאָר, דאָס איז — בדרך־כלל גענומען. נו, און די פּרטים? — . דאַרף מען זיך משער־זיין, אַז דאָס
געשעט, געוויס, דערפאַר: ווייל די פאַרזענלעכקייט באַרויבט דעם המון פון אַליין; און זי שטעלט אים אַרויס אַליין, תמיד — אָרעם, ווי די נאַכט.

ער, דער פוסטער ליידיקער המון
— אין זיין בראנד־שאנד פון אליין גארנישט-ווערט-זיין, — האט אזויפיל צייט אונטער דער זון; נאר ער ווייסט נישט, וואס מיט איר צו טון. און ער וואַ־פט זיך, מיט אייפעריקן פיבער, צו דער גאס: צו באקומען וואס־מער עשירות; מיט וואס ער גייט, דערנאך, איינהאנדלען פאר זיך — ווערטן; אף וועלכע ער טוט, מיט גרוים וואזשנעקייט און ערנסט, ארויפשוכ עמפלען זיין נאמען: „ — עס איז זיינס!...”
אזוי, טוט ער איינקויפן און ארומצוימען — שטיקער נאטור: פארקן, פעלדער, וועלדער; אזוי, קופט ער אויף טייערע בריליאנטן; בויעט אויף פאלאצן און פילט זיי אן מיט קונסט-אוצרות — מאלעריי, סקולפטור; און פונקט אזוי, מיטן זעלבן „איידעלן חוש”, טוט ער איינהאנדלען פאר זיך זיין בילד־שיינע געליבטע, זיין פרוי...
און ער איז — רייך; און ער איז — גליקלעך.
— ארעמער טייוול, דער המון! וואס ווייס ער, דער לעכערלעכער טיפש, פון ווערטן? ער, דער פינצטערער המון,
קאן, העכסטנס — גראב און ווילד, פארגוואלטיקן די ווערטן, זיי צעשטערן; אזויווי אלץ, וואס דער המון ליבט — און פרעסט-אויף און פארניכטעט; נאר — נישט זיי אנייגענען, די ווערטן, מאכן פאר זיינע... א: אט אזוי, פארגוואלדיקטערהייט, — וועלן זיי, די גינ־גאלדענע ווערטן, אייביק פארבלייבן — פרעמד־אפגעשלאסן-בתולהדיק פאר אים, ווי געוועזן... און דאס, ענדלעך, דערשפירנדיק, — וועט ער, דער אוממעכטיק־צעיושעטער המון, זיי שוין אייביק ביטער האסן דערפאר... ביז, עס קומט אן פון דער וועלט .
דער עכטער פרינץ, דער קינסטלער — די פרייע פערזענלעכקייט — און שטעלט ארוים דעם המון, אין זיין וויסט-ארעמער נאקעטער שאנד פון תמיד. דער רמב”ם (אינעם מבוא צו זיין פירוש המשניות על סדר זרעים) דערציילט: „איינער האט, זיבן יאר צייט, געבויעט א פאלאץ אין א מדבר; און אליין נישט געוואוסט פונדערפון: אז דאס טוט ער, דערפאר: ווייל, שפעטער מיט יארן, האט דארט באַ־דארפט פארבייגיין, איינמאל אין זיין לעבן, א חסיד-א וואנדערער — זאל ער האבן, וואו אפצורוען... ווייל: לולא השוטים — פירט אוים דער רמב”ם, צולעצט — היה העולם חרב...”.......... ער, דער פרינץ, קומט אין דעם פאלאץ, וואס דער המון האט פאר אים געבויעט — ווי צו זיך... כל העולם לא נברא, אלא לשמשני... ער געניסט פון די ווערטן, וועלכע זענען אייביק פארבליבן — נאר זיינע אליין; קיינער, קיינמאל, האט נישט פארמאגט קיין כוח — זיי פון אים אוועקצונעמען; אליין, מיט ליבשאפט און טרייהייט אן א ברעג, טוען זיי זיך ערשט שטרעקן אים

(דעם צענטראַלן מאַגניט, וואָס ציט אַלץ נ אַ ט י ר ל ע ך צו זיך,)
אַנטקעגן — אַזוי יונגפרוילעך־אומבאַרירט פאַרבליבן, מיט זייער איניגס-
טער זעל; וואוהין די גראָבע ווילדע לוסט פונעם המון האָט גאַרנישט גע־
אָגט אפילו באַגערן אָנצוקומען... און מאָג ער, איצט, דער
באַוואולטער נעבעך המון, אומלויפן איבער אַלע גאַסן און סקאַוואַטשען:
„— אַז ער, דער אוממאָראַלישער צעהפקרטער פּרינץ, האָט אָנגעטראָגן אין
זיינע גיטער, ווי אַ רוח; געקומען אים באַראַבעווען זיין שווער און ביטער
פאַרהאָרעוועט אייגנס: זיינע בריליאַנטן, זיינע קונסט-אוצרות, און דאָס
הארץ פון זיין פרוי!..."; און ער וועט רופן, און מאָנען גערעכטיקייט,
און די פאַרדינטע שטראָף פאַרן שולדיקן, — וועט ער, דורך דעם אַלע־
מען — מיט גאָרנישט ענדערן די לאַגע, ווי זי איז, און ווי זי וועט אייביק
פאַרבלייבן. ער, דער פּרינץ, די
פּערזענלעכקייט, איז — אוממאָראַליסט פאַר־עקסעלאַנס. ער איז — גע־
בוירענער נאַטירלעכער האַר איבער אַלע ווערטן אינעם אַלוועלט, וועלכע
זענען זיינע; און זיי טוען זיך באַווערטיקן פיל־מער — מיט זיין געניס.
אָ, ווייל ער ווייסט, וויאַזוי צו געניסן
די אייביקע ווערטן פון אַלוועלט: די בריליאַנטן, די קונסט-אוצרות, די
נאַטור, דאָס בילד־שיינע געשטאַלט פון דער פרוי — ער, דער געבוירע־
נער פּרינץ, דער קינסטלער, די לויטערע פּערזענלעכקייט.
ווייל ער ווייסט: אַז כל העולם לא נברא, אלאָ בשביל חנינאָ בן דוסאָ, וחני־
נאָ בני מסתפק בקב חרובים מערב שבת לערב שבת.
אָ, ווייל ער ווייסט דעם סוד: אַז ווערטן בלייבן, אייביק — אומדערגרייכ־
באַר, ווי די שטערן; און נאָר אַזוי — אומדערגרייכבאַר, קאָנען זיי גע־
נאָסן ווערן.
ז) עטוואָס וועגן מענטש־דעמאָקראַטיע; עס הייסט, וועגן דעם פּאַרלאַ־
מענטאַרישן סדר אין אַ אָרגאַניזם פון אַ מאַן (אַ מענטש): וואו די ריזי-
קע אימפּולסיווע מאַסע, ד י ב ל י נ ד ע מ ע ר ה י י ט, דאַרף זיך
לאָזן פירן, און אויספאָלגן די דיקטאַטן פון דער, דורך־איר־אַליין-דער־
ווייל טער, אַ י נ ט ע ל י ג ע נ ט ע ר מ י נ ד ע ר ה י י ט — פון
דעם מאַרך־אינטעלעקט;(וועלכער איז, ווי באַוואוסט, איבער דער ביאָלאָ־
גישער יעראַרכיע, אויפגעקומען — שפּעטער, נאָך אימפּולס; אויפגעקו־
מען פון אור-כאָאָס: אַזויווי אָפּגעקומען־אַרויסגעוואָקסן-זיךאַרויסגע־
הויבן־אויסגעצייטיקט־אויס-דעם־פינצטערן אינגעווייד — פון אייביקן אור-
כאַאָטישן אימפּולס גופאָ...) אומזיסט וועט זיין דאָס געשריי פון דער
בלינדער פינצטערער אימפּולס-מאַסע; איר אַפּעלאַציע — כלומרשט, אין
נאָמען פון „אויטענטישער, אומגעפעלשטער, עכטער" דעמאָקראַטיע: אַז
„— זי איז די מערהייט — און איר קומט די מאַכט! אַז מאַרך־אינטע-

לעקט — די גײַסטיקע מינדערהייט — איז פון אירע לענדן ארויסגעוואקסן; נאָר, ער האָט פאראטן זײַן אָפּשטאַם, זײַן געבורט; דארום, דארף זי אים — דעם עקלהאפטן, פארדאמטן רענעגאט — אומברענגען, פארטיליקן, אויסראָטן; און ווידער איינשטעלן די שיינע עכטע פארלאמענטאַרישע פרייהייט פון פארצייטנס!" (עס הייסט: איידער מארך איז נאָך געווען געבוירן; און אין דעם ביאָלאָגישן אוניווערס פון בלוט און פלייש האָט געהערשט, אומבאַגרעניצט — כאַאָטישער אימפולס אליין...)... — אומזיסט. אין דער פארלאמענטארישער קאָנסטיטוציע פון דעם נאָרמאַלן מאן (מענטש) פירט אָן מיט דער גאנצער פּאָליטישער דעמאָקראטישער עקאָנאָמיע פונעם געזונטן אָרגאַניזם — די אינטעליגענטע באוואוסטזיניקע מינדערהייט: דער מארך-אינטעלעקט: וועלכער האָט נישט בדיעה, קיינמאָל, אונטערצודריקן די דרינגענדע לעבנס-הצטרכותן פון דער אימפולסיווער מאסע; נייערט, גראָד פארקערט: ע ר הערט זיך תמיד צ ו צו אירע פאָדערונגען, דער מאסעס; און ער טוט אלדאָס מעגלעכע — זיי, די פאָדערונגען, נאָכצוקומען: בכדי איר, דער מאסע, צו דערהאלטן באַם לעבן, בײַ די כוחות: אַז זי זאָל אים קאָנען דינען פאר זיינע העכערע קאָנסטרוקטיווע צילן פון אומויפהערלעכער באנייונג... אָבער — טאקע, מחמת דער זעלבער סיבה — וועט ער וויסן, דער רייפער באוואוסטזיניקער אינטעלעקט: תמיד, אונטערצושיידן: צווישן אזוינע פאָדערונגען, דער מאסעס — וואָס זענען נוצלעך, געוואונטשן און זאָגאר דרינגענד-אומבאַדינגט פאר איר קיום, פאר איר לעבן, פאר איר וואוקס; (איז זיי, יענע פאָדערונגען, וועט ער נאָכקומען, דער ערלעכער מענטשלעכער דעמאָקראטישער אינטעלעקט, מיט דער פולער מאָס: פאר א י ר ע ר — אזוי גוט, ווי פאר ז יי ן טובה וועגן;), — און אזוינע פאָדערונגען פון דער בלינדער כאַאָטישער פארביסענער צעיושעט-צעבושעוועטער מאסע, וועלכע זענען — דעסטרוקטיוו, צשטערעריש, אומברענגעריש; און מיט וועלכן די מאסע באצוועקט — אי ז י ך, אי א י ם, דעם אינטעלעקט, אומצוברענגען; און אלעם באקערן צו כאַאָס און אומקום!...... אָ, דאָ וועט זיך מארך-אינטעלעקט גלייך נעמען צייגן — אומבויגזאם-„טיראַניש", אָן יעטוועדער מאָס; און — א טויבער צו אלע מאסעס צעיאכמערטע נעבעך וויי-געשרייען און אפּעלאַציעס, — וועט ער נישט רוען, דער נאָבעלער דערהויבענער סאָציאלער מארך-אינטעלעקט — ביז וואנען ער וועט נישט האָבן אײַנגעצוימט און אײַנגעשטילט ווידער די צעיושעטצעבושעוועטע בלינדע מאסע; און אײַנגעשטעלט באַנײַיס דעם עכטן דעמאָקראטישן גלייכגעוויכט אין דעם פארלאמענטארישן מענטש-אָרגאַניזם..... ווײַל — צום גליק פון מענטש — קאָן זיך אויך מארך-אינטעלעקט א פ ד א ר ו י ף, צו וויסן און אונטערשיידן: צווישן דעמאָקראַטיע און... „דעמאָקראַטיע..."

ח) עס איז באוואוסט: אז דער „אלטרואיסטיש־אידעאליסטישער" אויספלום מענלעבע זרע-קעמערלעך, בא א י י ן געשלעכטלעכן אקט, איז נענוג: צו קענען באפרוכפערן — דריי הונדערט מיליאָן פרויען. אָבער די דאָזיקע אומגעהויער־גוואלדיק-ריזיקע מאסע־דעמאָקראטישע מערהייט גייט אומדערבארעמדיק פארלאָרן — ווי עטוואָס אומנוצלעכס, ווערט־לאָזס — אין א שוידערהאפט־גרויזאמען ווילד־ברוטאלן פארטיליקונגס-קריג; און בלויז איין מענלעך קעמערל נעמט זיך אָן, אין באהעפטונג, מיט דער פרוי; כדי צו ארויסברענגען: דעם איינוניינציקן היסטאָרישן טיפּ, דעם אָריגינעלן קונסט־מענטש; וועלכער גייט — א יי נ צ י ק — זיין וועג פאָרויס, איבער דעם נעפל-בלענדנדן רוים־שליאך פון דער געשיכטע — אוניווערס.

ט) יעדע מאשין, אין איר דינאמישער טעטיקייט, צעשטערט און ווארפט אָפּ פונעם פּראָדוקט, פונעם חומר, וואָס זי האלט אין דער ארבעט — דעם פּחת, דאָס פסולת, די פּאַלאָווע, די סטרוזשקעס, דעם אָפּפאל: כדי זיך צו קענען נעמען, ע ר ש ט ד א ן, צום פארדריי (דינאמישן צעשטער) פון דעם ע י ק ר - פּ ר אָ ד ו ק ט: פארן ציל פון זיין העכ־סטער פאָרמירונג.

דאָס זעלבע געשעט מיט דער פיזאָ־פסיכישער מאשין-אין איר טע־טיקייט — בא יעדן מענטש.

עס איז גענוג צו ווארפן א בליק אף דעם פּראָצעס פון פארדייען שפּייז, און זען: וויפל פון דעם פּראָדוקט ווערט פארדייט; (דינאמישער צעשטער, צוליב פאָרמאציע;) און וויפל — די ריזיקע מערהייט־מאסע — עס גייט אין ניוועץ, אין אָפּפאל. (צעשטער — צוליב צעשטער.)

עס איז באוואוסט: אז, באם געשלעכטלעכן אקט, איז נאָר איין מענ־לעך קעמערל נעמט זיך אָן פאר דעם שאפונגס-פּראָצעס; (דינאמישער צעשטער — צוליב פאָרמאציע;) דערפאר, וועט דער אומגעהויערער אויס-פלום פון די אַנדערע דריי הונדערט מיליאָן קעמערלעך, בעת דעם זעלבן אקט — גיין אין ניוועץ, אין אָפּפאל, אף אומקום. (פינצטערער מאסע־צע-שטער — צוליב צעשטער.)

דאָס איז — דער אָפּפאל פון מענטשנס מ א ט ע ר י ע: פון זיין פ י ז אָ ־ מאשין, אין איר אקטיוויטעט.

און דאָס זעלבע פּאסירט — מיט דעם מענטשנס פ ס י כ אָ - מאַ־שין, אין איר דינאמישער טעטיקייט: טיילט זי אויס, אומפארמיידלעך, צעשטערט און זי שליידערט ארום זיך — ווי יעטוועדע אנדערע מאשין, בעת זי אַרבעט — גאנצע בערג אָפּשנויצן, אָפּפאל. דאָס איז — די רי־זיקע מאסע פּחת פון יעדן מענטשנס גייסט, אָן אויסנאם: באם טאָקן, פּאָלירן, שלייפן דעם רודימענטאַרן מאטעריאל פון אידייען, פון געדאנקען:

פון דער וועלט, פונעם לעבן; באַם צעשטערן און אָפּשליידערן די ריזיקע חומר־מאַסע — כּדי צו אַרויסבאַקומען די העכסטע פאָרם פון לויטערקייט.

דערביי, דאַרף אָבער ווערן אָנגעוויזן: אַז אַט דער אָפּפאַל פון מענטשנס גייסט — מאָג ער קומען פון זיין קלאָרער פיינסטער טעטי־קייט, פון קרישטאָל-לויטערסטן פּראָדוקט-אין דער אַרבעט, — וועט דער פּחת ווערן — מוטנע, טונקל, פינצטער, בלינד: אַקוראַט ווי דער צע־שטויבטער אָפּפאַל פון לויטער גלאָז; ווי דאָס אָפּגעשלייפטע פּסולת פון דימענטן; (פּסולתן של לוחות...;)אָדער, ווי דער אויפשוים פון לויטערע קוואַלן... (צעשטערונג־אין־ז י ך . . .)

איז: אָט דער בלינד-געוואָרענער אָפּפאַל, די ריזיקע פינצטערע מאַסע פּחת — (די שוידערלעכע פאַטאַלע טראַגיק פון — פּ ס ו ל ת ן ש ל ל ו־ח ו ת: פון זעלבן מאַטעריאַל; אָקאָרשט געווען — א יי ן ג אַ נ צ ע ס מיטן עיקר־חומר, מ י ט ן א י ד ע אַ ל) — נעמט ווערן געפרעסן פון אַ שרעקלעך שיפלות-געפיל: מחמת אירער, דער מאַסעס, איבעריקייט; מחמת איר ווערן — דער שטויב פון אַלע וועגן... און — ווי פאַטאַל־טראַגיש דאָס זאָל נישט פאָרקומען, — נעמט זי, די מאַסע, (ערשט נעכטן — געוועזענער לויטערער קוואַל), — ווערן פינצטער-פאַרביסן־גרייט: — אויפצורייסן אַלץ — מיט זיך צוזאַמען!.. (פינצטערער מאַסע־אינסטינקט פון: צעשטער — לשם צעשטער.)

דאָס זעט מען אָן, אַזוי קלאָר: בעת די רעדער פונעם רייטוואָגן טרייבן אין פאָרויס, איבער די שליאַכן, — אַזוי שלאָגן זיי אָן, צוערשט, און נאָכהער — טוען זיי אויפהויבן, און זיי רייטן־מיט, אומפאַרמיידלעך, פו־נעם וועג — די גוואַלדיקע מאַסע שטויב: וועלכע וויל מיטגיין, מיטלויפן! נישט־בלייבן — אָפּגעזעסן אַפן דעק, ווי דאָס לעצטע... אַנישט, — וועט ער אויפהויבן אַזאַ נעפּל, אַזאַ שטורעם — וואָס פאַרשטעלט די זון; דאָס ליכט פאַרן אויג; דעם שליאַך אין פאָרויס; וואָס פאַרהילט און פרעסט אַלץ אויף מ י ט ז י ך . . .

און דאָך — וועט דער רייטוואָגן זיך נישט פאַרהאַלטן, אין זיין גאַנג. מיט די זעלביקע רעדער, וואָס ער האָט אויפגערודערט און מיטגעשלעפּט דעם זומפּ, — מיט די זעלביקע קרייזן, וועט ער אים ג ר ו י ז אַ ם־פּ אַ ט אַ ל אָפּשלאָגן אין אוועקשליידערן פון זיך; און די מאַסע וועט ווידער פאַטאַל צוריקקערן — בלייבן דער שטויב פון די וועגן, ווי געווען; בעת דער רייטוואָגן א ל י י ן וועט איילן ווייטער — פאַטאַל —, אין פאָרויס, צו זיין ציל; אָ, נאָר צו זיין אייגענעם פאַטאַלן פּריוואַטס-ציל אַליין; און ווייטער — צו קיינעם געהערן מער!...

נ', איז אויב באַ דער גייסטיקער טעטיקייט פון יעדן פּשוטן מענטש איז אַזוי, — על אחת כּמה וכמה — באַ דער פּסיכאָ־מאַשין פון קינסט־

לער-זשעני: וואָס נעמט אויף, אין איר דינאַמישער טעטיקייט — אלס פּראָדוקט, אלס איינפאַכן חומר, אלס רויען מאַטעריאַל — אַלע מענטשן פון לעבן, מ י ט ז י י ע ר ע ו ו י ד ע ר ה אַ ל ו נ ג ע ן, אָן אוים־נאַם... און מאַגן זיי זיך זיין, אָן-און־פאַר זיך — די סאַמע גאַנצסטע אי־שים, און די לויטערסטע ווי קרישטאָל, — דאָך: קוים וועט זיי נעמען דער קינסטלער-זשעני אין דער אַרבעט — און צוטרעטן אַרויסבאַקומען פון זיי דאָס, וואָס ער ברויך פאַר זיך: די א י י נ צ י ק ע א י ד י י ע ־ מ ע נ ט ש, ו ו אָ ס ו ו י ד ע ר ה אָ ל ט ז י ך ק י י נ מ אָ ל נ י ט, נ אָ ר ע ר ט ו ט ז י ך, אָ ן ־ א ו י פ ה ע ר, ב א נ י י ע ן; ע ר, די ריינע אידעאַלע קונסט-פאָרם־אין־זיך, — אזוי וועלן זיי נעמען פאַלן אַלע — אונטער די קלעפּ פון זיין האַמער, אין פיבערהאַפטער צע־שטער-פאָרמירנדער טעטיקייט פון זיין פּסיכאָ-דינאַמישן דראַנג — אזוי־ווי ריזיקער טונקל־צעשטויבטער מאַסע־אָפּפאַל; אַלע, אַלע, אָן אויסנאַם; אַזוי ווי לעצטער פּחת, פּסולת, שטויב פונעם שליאַך... (צעשטערונג — אין־זיך...)

נו, איז נישט פאַטאַל־גרויזאַם־שרעקלעך — אַט די טראַגיק פון: א י י ן קינסטלער־זשעני — און די גאַנצע מיטיינמאָל קעגן-אים-אָפּפאַל־געוואָרענע מענטשהייט; הגם, אייגנטלעך, ביידע, (ער, און זי,) — פון איינעם-דעם־זעלבן מין־אנושי!... און דאָך!...

היינט, דאַרף דען זיין א רבותא: הלמאי די גאַנצע ריזיקע מ אַ ס ע־ל ע ב ן, אָן אויסנאַם, באַקומט אים שווינדלעך-פיינט — דעם קינסט־לער: איר אייביקן עקספּערימענטאַטאָר, איר אויסזויגער; דעם גרויזאַמען נעגירער פון א י ר לעבן — א ז ו י, ווי עס גייט...; און זי ברענט צו אים, מיט א העלישן אַלצפאַרצערנדן האַס; און זי אָרגאַניזירט זיך, פיבערהאַפט; גרייט — אים און זיך צו צעשטערן?!.

---

## באַ די ראַנדן פון זין און אומזין.

(חכמה און אומרו.)

**א)** וואָס הייסט — זיין איבערגעצייגט? — פאָלסטער אויסדרוק פון מיין א י ך. במילא, פאַלט אוועק יעטוועדער זין פון — איבערצייגן אַ צווייטן: ווייל — וואָס מער איך זוך אויסצודריקן מ יי ן איך, — אַפּעליר איך, דאדורך, צום צווייטן — מיר נאָכצוטון און אויסדריקן קאַ־טעגאָריש — נאָר ז יי ן איך!... טאָ — זאָגט, אדרבה: ווי קאָן דאָ זיין די רייד פון אַ צוזאַמענרייד?!.

**ב)** זאָג איבער אַ געדאַנק צוויי־דריי מאָל, — און דו הערסט אים גלייך אויף צו פאַרשטיין. ער ווערט שיר נישט פאַר דיר — אומזין.

אָבער נאָר אַזוי — דורכן איינחזרן דעם אומזין — איז
מעגלעך ר אָ ס פּ אַ ר ג ע ד ע נ ק ע ן; דאָס פאַרוואַנדלען גייעם
אָריגינעלן זין — אין שעפּעריש־ייִד־רעפּראָדוצירנדן מאַסאָוון שטייגער־
אומזין.

ג) דאָס, וואָס לעבט ה יי נ ט און האָט אַ זין, האָט שוין — מאָרגן,
קיין זין נישט; ווערט — אומזין פון נעכטן. דאָך, לעבט עס אין אונז
ווייטער — ווי געשיכטע. היינט, אין אונזער שכל — לויטער, קלאָר. מאָרגן,
אין אונזער געפיל־אימפּולס — פינצטער־צעבושעוועט.

ד) ווען אַ משוגענער קומט פאָר — פולשטענדיק באַ די גערדאַנקען, —
איז דאַן די העכסטע צייט אַרויפצוואָרפן אַף אים די צוואַנגס־העמד.
(ע. פּאָ.)

ה) פונקט ווי דער באַגריף — טאָג — קאָן קיינמאָל נישט געמאָלט זיין
— אָן נ אַ כ ט; און פאַרקערט: אַקוראַט ווי קעגנזייטיקע פּ אָ ן
א ו ן ב י ל ד, אַלציינס, — אַזוי אויך: קאָן קיינמאָל נישט געמאָלט זיין
דער באַגריף — חכמה — אָן ט י פּ ש ו ת; און פאַרקערט: אַקוראַט
ווי קעגנזייטיקע פּ אָ ן א ו ן ב י ל ד, אַלציינס.
די סענסאַציע — אייביקער טאָג, אייביק ליכט, — מאַכט גלייך — בלינד.
דער באַגריף — אייביקע חכמה, — איז — אייביקער אומזין.

ו) ט י פּ ש ו ת, איז — די אייביקע פּאַטאַלע באַגלייטערן פ ו ן
ד ע ר ח כ מ ה: וואָס גייט איר נאָך אומעטום — פּוס־טריט —
ווי איר גורל, דער קרעבס: „...צו כאַפּן באַ יענער — ד ע ם א ו י ס ע ר־
ל ע כ ן ג ל אַ נ ץ; די ברעקלעך, וואָס פאַלן, אַזוי בשפע — פונעם
מלכ׳ס טיש...”; אָבער, אַליין — מיט דעם טיפן געמיינעם פאַרטראַכט:
„...יענער — דער טויט־פאַרהאַסטער, גאָט־פאַרדאַמטער חכמה — בלויזיק
פאַראַטן. — איר אויסראַזטן!...”
אָט אין וואָס עס
באַשטייט — א י ר א יי ג ע נ ע „ח כ מ ה” — פון דער געבילדעטער
נישטיקייט: — אומברענגען די עכטע חכמה. אַליין זיך אויסגעבן, אַלס
דער האַר — דער מלך...

ז) די שתי הקצוות — חכמה, און טיפּשות, —ביידע שרעקלעכע עקס־
טרעמען זענען — צוזאַמענבאַהעפט; זענען — אומאָפּטיילבאַר; ווי
זיי וואָלטן זויגן איינס פון דאָס אַנדערע דאָס חיות — אייביק: זיך קעגנ־
זייטיק דערנערן.
וויים: דאָס זענען — קלאָר־
קייט, און כאָאָס — די אייביקע זיילן פון זיין...... ווייל: פונקט ווי די
ליכט זויגט, מיט ליבע און האַס, (די מאַסע חלב דערנערט זיך) פון דעם
פייער, — אַקוראַט אַזוי — זויגט דאָס פייער, מיט ליבע און האַס, (עס
דערנערט זיך) פון דער ליכט...... דאָס פייער זויגט פון דער ליכט א ו ן
ב ר ע נ ט, — די ליכט זויגט פון דעם פייער — און ב ר ע נ ט

א ו י ס...... אקוראט אזוי, גייט אָן דער אייביקער ליבע־שפּיל צווישן
— חכמה און אומזין.

ח) נישטאָ קיין אבסאָלוטע חכמה, צי טיפּשות — אָן־און־פאַר־זיך.
א יי נ ס — האָט פאַר זיך די פאָרשטעלונג פון דעם — צד־שכנגד..
אוממעגלעך זיך־אויסצומאָלן חכמה — אָן טיפּשות; און פאַרקערט. י ע־
ד ע ם האָט א י ן ז י ך — די פאָרשטעלונג פונעם קעגנער: כדי צו
זיין, פּרינציפּיעל — פאַרקערט. איינזאַמע, עלנטע חכמה — א דערוויי־
טערטע פונעם קעגנער, — האָט זיך נישט, אין וועמען צו שפּיגלען, זיך־
צייגן; פאַר וועמען, ווי אַפן פאָן, זיך־אויסטיילן, אָנזעען, עס הייסט, זיך־
דערנערן; און זי לעבט־אָפּ, זי פאַרגייט; און פאַרקערט. חכמה זויגט איר
חיות — פון טיפּשות; און פאַרקערט. יעדע פון זיי איז — אומאָפּטיילבאַר
פונעם קעגנער: אין דער פאָרשטעלונג, אינעם קיום, אינעם מהות פון זיין.
יעדע פון זיי איז געבונדן פאַטאַל צום קעגנער: מיטן גורל פונעם אייגענעם
קיום. יעדע פון זיי וואַקסט אַרויס פאַטאַל, מיטן קיום — פ ו ן ד ע ם
ק ע ג נ ע ר; נישט — פ ו ן ז י ך - ג ו פ אָ; (אַקוראַט, ווי די בלום
וואַקסט אַרויס פון — מיסט; און פאַרקערט.) יעדע פון זיי איז אָבער
בלינד־אידעאַליסטיש־זעלבסט־אויפאָפּפערנד: ציט פאַטאַל צום קעגנער —
אים צו אומברענגען; הגם, שפּירנדיק: אַז אָט דער מאָרד מיינט — זעלבסט־
מאָרד; דעם אייגענעם סוף.

ט) טיפע חכמה, דאָס איז — דער אַרויסרוף פון רייפן אויפגייענדן
מענטש, זיין אומדערשראָקענער פאַנג, אויס די דראָענדע נעפּלען מיט
שרעק און וואַנזין, וואָס די אַלטע אָפּגעלעבטע געטער — אין זייער אומ־
מעכטיקער אייפערזוכט — טוען צינדן און שפּרייטן, מיט די טרייסלענדע
לאַפּעס, אָן אויפהער, איבער די לויטערע קוואַלן פון חכמה — אין פאַנישער
טויט־שרעק פאַרן נייעם אויפגייענדן מענטש.

י) וואָס הייסט — „האָבן היץ? קלאַפּן דאָס האַרץ?“ — „ווען מע האָט
מ ע ר ע ר היץ פון געוויינלעך; צי ווען דאָס האַרץ קלאַפּט ש ט אַ ר־
ק ע ר.“ נאָרמאַלע טעמפּעראַטור איז קיין היץ נישט. נאָרמאַלע בלוט־
צירקולירונג איז נישט קיין האַרץ־קלאַפּעניש. דער
זעלבער כלל גילט לגבי — נאָרמאַלן קולטור־באַזיץ, נאָרמאַלן וויסן,
נאָרמאַלן פאַרשטיין. אַלץ, וואָס איז נאָרמאַל, איז — אַזוי ווי נ י ש ט.
הגם, פון דער אַנדערער זייט: איז אַל ד אָ ס
ה ע כ ע ר ע פונעם נאָרמאַלן — אַנאָרמאַל, קראַנק. און בלויז דער
נאָרמאַלער שטאַנד איז די ערבות פאַרן געזונט.. . . . . . אַזוי,
אַז דאָס פּראָבלעם ווערט דאָ רעדוצירט צום אויסוואַל: — בלייבן נאָרמאַל,
געזונט; אָדער שטייגן צו איבערנאָרמאַלן קולטור־דעראָבער — פאַרן
אויפאָפּפער פון נידעריקן געזונט, פון אַלץ...

יא) סאַלאַנט איז־באַטאָנטער שיכוד־אימפּולסיווער אומזין, וועלכער רייסט אינעם דזשונגל — די וועלט, די ברוין; פאַרטראַגט זי אין אַ קאַנורע, אין אַ פינצטערער וואַלד־הייל (— אונזערע אַזוי־געהייליקטע יחוד־מאַראַל —) וואו ער וואַרפט זיך אַף איר — נאַקעט אומפאַרשעמט: אין זיין ברוטאַלן בעסטיאַלישן עקסהיביציע־דראַנג צו צעשטערן, אויסצופּליסן עפּילעפּטיש אין פּלאַזמאַטישן אויפגעקאָכטן ים וואַנזין, צו אים צוריקקערן, צום כאַאָס־זאַט און אין אים פאַרזינקען; בעת דאָרט, אינדרויסן, אויבן, איבער זיין קאָפּ — רוישט דער וואַלד אין זיינע קרוינען־בלעטער; און ער זינגט שירה צום באַצווינגער, צום באַשעפער... ווייל אים — יענעם וואַלד־רויבער, — גייט נאָך אומעטום, פּיס־טראָט, אומאָפּטיילבאַר — זיין פּאַטאַלער שיקזאַל: דער קולטור־זין, דער געדאַנק; וועלכער קומט פון דער נאַטור, פון דעם אוניווערז, פונעם קאָסמאָס; איז מיט נאַטור אויסגעבונדן, זינט הערן און געדענקען; האָט פאַר איר גרויסע פאַרפליכטונגען, וועלכע ער מוז אייביק אינזינען האָבן צו דערפילן. ער, דער קולטור־זין, קומט דאָרט אצינד: פורעמען צוימען די צעבושעוועטע אויסגעגאָסענע סטיכיע, אויפהויבן אַרום איר הויכע פעסטע ברעגן, איינשטעלן יבשה; דאַן: אָפּשטיילן דעם אום פון דעם זין; לאָזן דעם אום — אונטן, אין דעם אייביק־צערודערטן בלינדן ים אינדערנידער; דערהויבן דעם זין און אים איינפעסטיקן — אין דער הויך, ווי אַ ליכט־טורעם אַף דער יבשה; אַרויסברענגען, אַזוי, די שאַפונג, די קונסט, דאָס בילד פון נייעם מענטש.

יב) פונקט ווי מע קאָן זיך נישט אויסמאָלן: ליכט — אָן פינצטער; צי פינצטער — אָן ליכט, — אַקוראַט אַזוי קאָן נישט געמאָלט זיין: זין — אָן אומזין, צי אומזין — אָן זין; אָנשטענדיקייט — אָן פאַרברעכן, צי פאַרברעכן — אָן אָנשטענדיקייט.

אין אַ וועלט פון לויטער ליכט, זין, אָנשטענדיקע — פאַרשווינדט דאָס ליכט, דער זין, די אָנשטענדיקייט. אין אַ וועלט פון לויטער פינצטער, אומזין, פאַרברעכער — פאַרשווינדט דער חושך, דער אומזין, דאָס פאַרברעכן.

ליכט און פינצטער, אָנשטענדיקייט און פאַרברעכן, זין און אומזין, — זיי זענען — פאַטאַל צווישנאַנאַנדער געבונדן — אַף אייביק; אַזוווי קעגנזייטיקע פאַן און בילד, אַלציינס; דאָס הייסט: יעדע טייל צייכנט זיך — אַפּן פאַן פונעם כנגד.

**און ווי עס שטייט געשריבן: „...מתחילה, היה אור אין סוף ממלא את**

מקום החלל הזה, ולא היה מקום פנוי לבריאת העולמות. וכשעלה במחשבתו
ית' לברוא את העולם, — הלך וצמצם את עצמו אל הצד — ונשאר מקום
פנוי לבריאת העולם..." („עץ חיים", מר' חיים וויטאַל, תלמיד האר"י
הקדוש.)... אין אָנפאַנג: איז געווען בלויז — אומענדלעך אבסאָלוט ליכט,
וואָס האָט אויסגעשלאָסן פון זיך — דאָס פינצטער. במילא, האָט ניט
געקאָנט געמאָלט זיין קיין באַשאַף. ווייל: מיטן אויסשליסן דאָס פינצ־
טער — האָט דאָס ליכט, אין דער זעלבער צייט און דאַדורך גופא,
אויסגעשלאָסן (געמאַכט אוממעכטיק, אומרעאַל) — ליכט
אַליין... ערשט: ווען ליכט האָט זיך איינגעשרומפּן, צוגעלאָזן צו זיך
דאָס פינצטער — ווי אַ באַשטאַנד־טייל פון
זיך־גופא, פון אייגענעם מהות, — דאַן ערשט,
איז ליכט געוואָרן — פּאָטענט, שעפעריש...
ווייל: ליכט, אָן פינצטער: ליכט, אין דער ליכט
— לויכט נישט. (שאַפט נישט...) ליכט לויכט (שאַפט) — נאָר אין
דער פינצטער. עס מיינט — אינערהאַלב דעם פינצטער.
ליכט מוז האָבן דעם פינצטער — אין וועלכן צו שאַפן. שמעתתא
בעי צילותא... ליכט ברויך דעם פינצטער — ווי דעם ברענ־
שטאָף: פונוואַנען ליכט ציט די יניקה, ווערט פּאָטענט; און
שאַפט איבער, פאַרוואַנדלט פינצטער — אין
ליכט...... אָן דעם פינצטער, אָן דעם ברענשטאָף — פאַרגייט
גלייך דאָס ליכט אַליין. ווייל: ליכט מיט ליכט
דערנערט זיך נישט........ און פונקט אַזוי, דערנערט זיך נישט: זין —
מיט זין; נייערט: זין דערנערט זיך — מיט אומזין; און
אומזין — מיט זין... פונקט ווי: פינצטער זויגט אייביק
— פון ליכט... ליכט און פינצטער,
אָנשטענדיקייט און פאַרברעכן, זין און אומזין,
זיי זענען — פאַטאַל צווישנאַנאַנדער פאַרבונדן — אַף אייביק.

*ג) דער מענטשלעכער געדאַנק מיט זיינע פאָרשטעלונגען, איז אומאָפּ־
טיילבאַר פאַרבונדן — מיט די תנאַי־רעפלעקסן פון דער אוניווערסאַלער
דעקאָראַציע. באַ דער מינדסטער איבערשטעלונג
אין דער איינגעפירטער וועלט־פּאַנאָראַמע (אַ נאַטור־קאַטאַסטראָפע א. א.),
— אַזוי רייסט זיך גלייך דורך אין דעם מענטשן צום איבערפלאַך — אַ
פינצטערער אָנפלייץ פון דעם אייביק־לויערנדן אומזין: דער כאַאָס, וואָס
גייט אייביק נאָך, פוס־טראָט — די קלאָרקייט. דאָס
זעלבע געשעעט צום מענטשנס געדאַנק און זיינע איינשטעלונגען — אינער־
האַלב דער סאָציאַלער געזעלשאַפט... די קולטור־געשיכטע, דער זכרון, דעם
מענטשנס אינטעלעקטועלע דערפאַרונג, — אַלץ איז, דורכוים — דער רע־

זולטאם פון **די איינגעפירטע** תנאי-רעפלעקסן... איז, בא דעם מינדסטן אי־בערטוויש **אין דער אַ**נגענומענער סאָציאַלער וועלט־פּאַנאָראַמע (אַ רעוואָלוציאָ**נערער** אויסברוך, אַ מלחמה א. א.), — אַזוי ווייסט זיך גלייך דורך צום **איבערפלאַך** פון דער געזעלשאַפט — דער פינצטערער אָנפּליין פון **אייביק-לויערנדן** אומזין; דער אַלצצעפרעסנדער כאַאָס, וועלכער באַגלייט־נ **אָ ד, אומעטום** — פינצטער־צעיושעט־פּאַרביסן־ברומענד — די קלאָרקייט.

יד) פּונקט **ווי די** אַלגעמיינע אינטעלעקטועלע תנאי־רעפלעקסן, (בא יעדן יחיד,) זענען — די באַזע און ערבות, בכלל, **פּאַר** ליטערקייט און זין; וואָס, בא זייער צעמישונג, (**פון** די תנאי־רעפלעקסן,) — ברעכט אויס דער אימפּולסיווער אומזין, — אַקוראַט אַזוי, זענען — די סאָציאַלע אינטעלעקטועלע תנאי־רעפלעקסן: פון אַ שיכט, פון אַ קלאַס — **די** באַזע און ערבות פאַר — סאָציאַלן־שטייגער ליטערקייט, פאַר סאָציאַלן שטייגער זין...... דערפאַר: **אַז** איינער פאַלט אַרויס פון זיין שיכט, פון זיין קלאַס, —באַפאַלט **אים** גלייך — דער אימפּולסיווער אַנטיסאָציאַלער אומזין. דאָס געשעט: ווען מיטגלידער פון איין קלאַס פאַלן אַריין — אין אַ צווייטן קלאַס. ווייל: וואָס אין איין אָרט איז — שכלדיקער סאָציאַלער זין, — איז, **אַפן צווייטן** — אימפּולסיווער אַנטיסאָציאַלער אומזין...... און דאָס זעלבע **פּאַסירט** — בא איינעם און דעם זעלבן קלאַס: ווען — אין צייטן פון **טיפע** סאָציאַלע דערשיטערונגען, — פאַלט ער אַרויס, פּלוצים, אינגאַנצן — **אויס** זיין העכערן סאָציאַלן שטייגער זין פון **דער** הייניקער גענעראַציע, — און ער נידערט צוריק (אַ געשטויסענער דורכן אייביקן שונא פון מענטשנס סאָציאַלן אינטעלעקט — דורכן **בלינד**־כאַאָטישן אַסאָציאַלן און אַנטיסאָציאַלן אימפּולס) — צו דעם „**סאָציאַלן**־שטייגער־זין" פון די — העט־שוין־לאַנג-אָפּגעגאַנגענע גענעראַציעס **זיינע** פון פאַרצייטנס... ווייל: ווען מע טוט אַ פאַרגלייך, בכלל, דעם סאָ**ציאַלן** שטייגער-זין פון איין גענעראַציע — מיט דעם סאָציאַלן שטייגער **זין פון** אַ פריערדיקער, — אַזוי דערזעט מען גלייך: אַז: וואָס, ערשט נעכטן, **איז** געווען — שאַרף-אינטעלעקטועלער סאָציאַלער שטייגער־זין, — **איז** שוין היינט — בלויז: נעבעכדיקער אָפּגעלעבטער און, במילא, אימפּולסיוו-**כאַאָטיש**־געוואָרענער אַסאָציאַלער און אַנטיסאָציאַלער אומ־זין...

טו) דער **אַלגעמיינער** אילוזאָרישער תנאי-רעפלעקס פון דעם אַזוי־גערופענעם **שטייגער־זין**, — **דאָס איז, אייגנטלעך** — די צוים, די

קאָלעקטיווע שטייגער-תפיסה פון דעם אוניווערסאַלן אילוזאָרישן — מ אַ־ס ן ־ א ו מ ז י ן. דערפאַר: אַז איינער ברעכט אריין, פּלוצים, אינדערמיט — מ י ט ז י י ן א יי ג ע נ ע ם ש ט ר ע נ ג־א י נ ד י ו ו י ד ו ע ל ן א ו מ ז י ן, — איז דאָס — ווי א ב ו נ ט א י ן א ת פ י ס ה, אַלציינס: וואו ער ווערט — א גרייל̈עכע געפאַר פאַר דעם אזוי-פיין־איינגעשטעלטן סדר פון דער עדה, מיט איר שטייגערישן מ אַ ס ן ־ א ו מ ז י ן; (וואָרום: ער דראָעט דאָך, חלילה, אויפצורירן אין יעדן אַרעסטאַנט באַזונדער — זיין א יי ג ע נ ע ם אינדיווידועלן אימער-ברומענדן וואנזין — אַף דער לויער...) דארום: כאַפּט מען גלייך און מע פאַרשפּאַרט דעם רעבעל אין א משוגעים־הויז — (אין דעם אזוי־גערופענעם א י ז אָ ל אַ צ י ע ־ ק אַ ר צ ע ר — אין דער תפיסה א י נ ע ר ה א ל ב) — צווישן אסאך אזוינע אָריגינעלע טיפּזיניקע אינדיווידועלע גייסטער, ווי ער... און ווידער קערט צוריק אין דער שטייגער־תפיסה — דער שטרענג־איינגעפירטער לאָגישער רעזשים פון מ אַ ס ן ־ א ו מ ז י ן, ווי גע־וועזן... עס הייסט, קאָנקרעט: אַז דער קאָ־לעקטיווער שטייגערישער מ אַ ס ן ־ א ו מ ז י ן, אין אַלע צייטן, פון דער עדה, —: אַט דער גאַנצער גריילעכער הויפן שטותים: וואָס ווערן באַ־ווירצט — דורכן אוניווערסאַלן לעבלעכן שונד-קוואַטש פון לעבן, און באַ־זאַלבט — דורך דער רעליגיע, — איז געוואָרן פאַרטראַכט און אויפגע־שטעלט — ווי א דאַמבע — פאַרן אַנפלייץ פונעם — אייביק-לויערנדן א י נ ד י ו ו י ד ו ע ל ן א ו מ ז י ן — אין יעדן איינעם — ווען ער גייט ז י י ן פאַר זיך... און די זעלבע רעליגיע און דער לעבנסקוואַטש זאָרגן שוין אויך דאַפאַר: אַז דער ברויזנדער, אומויפהערלעך־עקספּלאָדירנדער א ו מ־ז י ן פ ו ן י ע ד ן א יי נ ע ם זאָל אויפהערן אַקומולירן דעם אויפ־ריים-שטאָף; נייערט, ער זאָל — אויס די שמאָלע געדערענגטע קאַנאַלן פון דעם אינדיווויד — כסדר און צוביסלעך, לאַנגזאַם ארויספלייצן און זיך־פאַרמישן — אין די ברייטע אויסגוס־שטראָמען פון דעם קאָלעקטיוון בשות־פותדיקן א ו י ך ־ קאָכיקן מ אַ ס ן ־ א ו מ ז י ן: וואו אַלעמענס שגעון — אי ער צוימט י ע ד ן ־ א יי נ ע מ ס באַזונדער; אי ער העלפט אויך יעדן איינעם: זיך־אויסצולעבן בציבור, אויסצולאָדן בחברותא; במילא: ווערן א ל יי ן — געשטאַלטלאָז, לעבלאָז, אומאייגנאַרטיק, אומאָריגינעל; אזוי גראָ-וואַנזיניק, ווי דער כלל; געלאָשן-גלייכגילטיק און, צוגלייך, ספּאָנטאַן־ברויזנדיק — ווי אַלע... דאָך, פּאַסירט אַמאָל: אַז איינער דערהויבט זיך, פּלוצים, פון דער מאַסע; און ער נעמט אריינברעכן אין איר — מיט אזא מעכטיקער לאַווע — ז יי ן א י נ ד י־ו י ד ו ע ל ן א ו מ ז י ן, — אַז ער רייסט מ י ט נאָך זיך יעדן! ער צעטרייסלט — ביז צום גרונט — די אייביק-געוועזן-איינגעשטעלטע פּינצ־

עדע **זיילן פון דער** מאסן־תפיסה. ער ווישט אפ, מיט זיין **צארן** — אלדאס
פריערדי**קע, וואס** איז געוועז**ן** ביז אים. ער יאגט אן א טויט־שרעק אף דער
רעליגיע **און אף** אלע אירע בייז־באגלייטענישן. און ער רופט אלעמען —
מיט זיך, **אף דער** פריי! איז דאך — גוט?

**נאר,** גאר אינגיכן, נעמט זיך ארויסשטעלן: אז: אנשטאט צו לאזן
יעדן **איינעם** — קומען צו זיך — און צו ווערן אזוי
פריי־**אינ**דיווידועל, ווי ער, — וועט ער צוטרעטן, מיט
ברוטאלער **דריקנדער** מאכט, (דער נארישער, בלינד־געגליבענער מענטש!)
ערשט: **צו באפ**רוכפערן יעדן — מיט זיין, אקארשט — אייגן־געוועזענעם
— **אומזין...** און דער פועל־יוצא — אוועלכער איז?
**אז,** בקרוב, קומט אויף, (א באנייטע, אן אפגעפיישטע; אבער דאך, אין עיקר — די זעלבע) שטייגער־תפיסה
— פון **אינ**דיווידועל־געוועזענעם און, פון אצינד און אף ווייטער, מאסן־געווארענעם — אומזין, ווי געוועזן.
נאר, ערשט: נאך מיט מער דערפרישטער ברוטאלער (ווייל — פאראיינגערט־געווארענער,) קראפט! און נאכהער: ווען די רעליגיע
און דער **לעבנס**־קוואטש נעמען קומען צו זיך — פון דער איבערגעלעבטער
בהלה; **הויבן אויף** זייערע פינצטערע קעפ — פונעם שטויב; און קוקן זיך
ארום: **וואו זיי** זענען דא אין דער וועלט?, — אזוי דערזעען זיי גלייך, מיט
איידעלן **לייטזעל**יקן געגום: אז... „...אומזיסט איז געוועזן — דער פלאטער,
מיט דער **שרעק**... ווייל: אלץ, אט־דא־א, איז דאך — מיט דעם מענטשנס
אלמעכטיקן **ווילן** — געבליבן, א — אזוי נאריש־אומזיניק־אלט, ווי די
וועלט...

טז) **דער גרעס**טער שטער פאר די שאפונגס־פראצעסן פון לעבן איז —
**דער גייסט**: ווייל ער פילט אלץ אוים — מיט זיך; און ער לאזט
נישט קיין **ארט** — פאר קיין שאפונג. שאפן שאפט
— דער אימפולס. אבער — נישט קיין גייס; נייערט — ער
רעפראדוצירט — אין שפע, אין ווידערהאלונגען.

**ראקעגן,** דער גייסט, איז — איינציק, אריגינעל, אייביק ניי.
נישט — **ער** שאפט, — נאר — ער דענקט נאכאנאנד אויס
— נייס. **נישט** — ער דערקענט אייביקע אמתן, — נאר — ער
געפינט זיך: — אין נאכאנאנדיקער אויסבליצונג פון איין געדאנק נאכן
אנדערן; **אין נאכאנאנ**דיקער שטערבלעכקייט; אין אייביקן
פארגיין **און אויפ**גיין; אין אומויפהערלעכער באנייונג פון זיך;
אין אומאפהאלטלעכן גיין פאריים; אין נאכאנאנדיקן אנטפלעקן זיך
— פאר **זיך** אליין; אין דעם באגניגענען **זיך** — אייביק־איינזאם — **בלויז** מיט **זיך** אליין; אין דעם **אויספילן** אלץ

אין סוף ממלא את מקום החלל הזה... (ער האָט אַלץ אויסגעפילט, אומבאַ־גרעניצט, מיט זיך;) ולא היה מקום פנוי לבריאת העולמות... (און עס איז נישט געבליבן קיין אָרט פאַר קיין שאַפונג... און בלויז ערשט דאַן, ווען —) צמצם את עצמו אל הצד: (אַז עס הערט אויף די אויסשטראַלונג פון גייסט), — נשאַר מקום פנוי לבריאת-העולם..." (קומט אָן די געלעגנהייט פאַר די שאַפונגס-פּראָצעסן פון לעבן...)

דער־פאַר, — נעמט דאָס לעבן, דערגאָך, אין דעם גייסט — אַ שרעקלעכע נקמה! דאַדורך: וואָס עס כאַפּט אויף זיינעם — דעם אייביק־אין־זיך־פאַר־טראָגענעם־גייסטס — אַ געדאַנק; וואָס פאַלט פון דאָרט ערגעץ — פון גייסטס אימהדיקע אומצוטריטלעכע הויכן — אַראָפּ, אין דעם פינצטערן טאָל פונעם לעבן; אַ געדאַנק, — וועלכער איז — אָקאָרשט ערשט, באַם אויפגאַנג — געווען גייסטס ליכטיקער זיין, — באַם פאַרגיין, — גע־וואָרן — דעם אייביק־זיך-באַנייענדן־גייסטס — אומזין... איז — אים — דעם אַראָפּגעפאַלענעם אומזין, אויס די אומ־דערגרייכבארע הויכן פון גייסט — נעמט אצינד די מאַמע־לעבן אויף — אין איר טראַכט; זי טראָגט אים אויס אין זיך; זי דערקלערט אים: „אַלס אַ שעפעריש געדאַנק פון גייסט, וואָס האָט גענידערט אין דעם טאָל פון לעבן — עס צו באַפרוכ־פערן..." און זי רעפּראָדוצירט אים — אָן אַ צאָל: אין נאָכאַנאַנדיקע אומויפהערלעכע ווידערהאָלונגען: „וואָס דאַרפן — אַלס אייביקע אמתן פון גייסט און לעבן — אָנפילן די וועלט..."

— מיט דערמיט, שטעלט דאָס לעבן דעם גייסט.

אין אייביקן אומשטערבלעכן מאָנומענט!...

— נו, קאָן נאָך זיין פאַרן אָרי־גינעלן אימער זיך־באַנייענדן גייסט — אַ גרעסערע נקמה דערפון?!...

יז) די נאַקעטע אידייע־אין־זיך פון אייביקער עוואָלוציע אין אוניווערס, פון אָרגאַנישער עוואָלוציע אין דער ביאָלאָגיע — די אידייע פון אייביקן גיין, פון אייביקן פאַרגיין, — זי קומט צום אויסדרוק אין דער נאַטור — אין דער פאָרם פון אַזאַ שלדיקער שפע ווידערהאָלונגען, אומ־צייליקע וואַריאַירונגען, (און אין דער ביאָלאָגיע — רעפּראָדוצירונגען; און אפשר אפילו אין דער אומאָרגאַנישער וועלט איז, נאָך אַ אָנמערקונג, דערלויבט דעם דאָזיקן טערמין אָנצואווענדן), — אַז מע זעט קיינמאָל די אידייע אַליין נישט ארוים. זי ווערט פאַרשטעלט, זי בלייבט טיף־פאַרהוילן — אונטער געוואַלדיקע בערג נאַטורס מאַסן־רעפּראָדוקציע: וואָס שאַפט דעם איינדרוק פון — אומבאַוועגלעכקייט אין אַלץ; פון אומפאַרגענגלעכ־

קייט, **אייביקער** סטאַטישקייט, אייזן־פעסטער סטאַביליטעט, **פון** אייביקן
זיין — **אלץ, פונקט** דאָס פּאַרקערטע פון דער אידייע־אין־זיך: **וועלכע** איז
— דאָס **אייביקע**, אייביקע גיין... דאָס אייביקע זיין — אין נ י ש ט -
זיין; דאָס **אייביקע** נ י ש ט ־ זיין — אינעם זיין...

די סטאַבילע אומדערשיטערלעכע יסודות פון
מענטשס **פאַרשכּלונגען** וועגן וועלט און לעבן, — **דאָס זענען** — די
תנאי־**רעפלעקסן** פון זיין פאַרשטאַנד; וועלכע זענען די ערבות פאַר אלע
זיינע **פּראָצעסן** פון בויען און שאַפן — אַזוי גוט, ווי די מוטער נאַטור —
אומדיפערענצירט, בשפע, אין בלענדנד־סובלימירטן אָנפלייץ פון עקס־
טאַז...... אָט דאָס איז — ז יי נ ע, ד ע ם מ ע נ ט ש נ ס א י ־
ד יי ע... **און ער** איז גרייט: אַזוי מעלה־גרה־זיין — אייביק. זיך נישט רירן
פון זיין אָרט... ביז —

עם טראָגט אָן פון ערגעץ, ווי א גוואַלדיקער שטורעם — ד ע ר ק י נ ס ־
ט ל ע ר - ר ע וו אָ ל ו צ י אָ נ ע ר, מיט זיין קריטישן חוש. ער דיס־
טינגירט — אויס דעם אומגעהויערן שלל פון דער זיך־אייביק־ווידער־
האָלנדער, אזש ביז אומבאַוועגלעכקייט, רעפּראָדוקציע אינעם לעבן און אין
דער נאַטור, — יענע איינציקע אָריגינעלע אידייע פון — אייביקן גיין,
אויפקום און פאַרגיין. און ער נעמט איר ראש אנטפּלעקן צו אלעמענס
אויג: — די אידייע פון אייביק־וואַקסנדן, אין פאַרגיין און אין אויפגיין,
א יי נ צ י ק ן ב ו י ם — אויס דעם רעפּראָדוקציע־וואַלד פון אומענד־
לעכע מיליאָנען בוימער; — די אידייע פון אייביק־וואַקסנדן, אין אויפגיין
און אין פאַרגיין, א יי נ צ י ק ן מ ע נ ט ש — אויס דעם רעפּראָ־
דוקציע־וואַלד פון אומענדלעכע מיליאָנען מענטשן; — די אידייע פון איי־
ביק־וואַקסנדן, אין פאַרגיין און אין אויפגיין, א יי נ צ י ק ן א ו נ י ־
וו ע ר ס — אויס דעם רעפּראָדוקציע־וואַלד פון אומענדלעכע מיליאָנען
אוניווערסן... און אז ער טוט

דאָס אנטפּלעקן, דער קינסטלער דער קריטיקער — צו אלעמענס בליק:
דאָס איינציקע אידייע־בילד — פון איינציקן אידייע־בוים, פון איינציקן
אידייע־מענטש, פון איינציקן אידייע־אוניווערס — פון דער איינציקער
בלענדנדער אידייע, אין אייביקן גיין — צו אלעמענס בליק, — אַזוי
בלייבן מענטשלעכע בליקן, אף ד ע ם בילד קוקנדיק, פאַר טויט־שרעק
— צעמישט. אזוי ווערן איבערגעקערט בא זיי אין מוח אלע זייערע ביז־
איצט־געווען־איינגעשטעלטע תנאי־רעפלעקסן פון פאַרשטאַנד — וועגן
לעבן, וועלט און זיין. אַזוי נעמען צוזאַמענברעכן פאַר זייערע געהירן,
פּלוצים, אין פּאַנישן שווידער — אלע ביז־איצט־געווען־אומדערשיטערלע־
כע **יסודות פון** עקזיסטענץ........ **די** תנאי־רעפלעקסן **זענען** — **די זיילן,**
אף וועלכע **עס** לייגט בייקן **דעם** מענטשנס זין — איבער די דראָענדע

תהומות פון אומזין...... כי לא יראני האדם וחי... דער מענטש האט, אומ-
געריכט, זיך־דערזען אין שפיגל — זיין אידייע, — און עס ווערט איינ־
געזונקען, מיטיינמאל, זיין לויטערער מענטשלעכער זין. עס קומט אנצור־
פלייצן, אף זיין ארט — אוים די אומענדלעכע פינצטערע תהומות — די
אייביק־קאכיקע לאווע פון בלינד־צעיושעטן אומזין: — גרייט צו פאר־
צערן דאס לעבן, דאס זיין...... אזוי איז — איין קונסט-בילד מסוגל אר־
רויסצורופן א איבערקערעניש אין אלע דעם מענטשנס השגות — פון קיום;
און אים שליידערן, דעם אומבאהאלפענעם מענטש — אין די ארעמס פון
אומזין... . נאר, צום
גליק — נישט אף לאנג. ווייל קונסט איז — טייפלשער רעוואלוציאנערער
ז י ן. א יי נ צ י ק ע ר זין. נייע אידייאישע באזינונג פון פארגלי־
ווערטן אפגעשטארבענעם לעבן...... די לאווע פון געטלעכן אומזין טרייבט
אזוי לאנג — ווילד־צעיושעט־צעשטערנד, — ביז זי פארבלייבט — מיד-
דערשעפט; און זי הערט אויף. . איבערן פאר־
מאטערטן אויסברוך פון אויסגעלאדענעם אומזין, נעמט דאן אויפגיין,
אונטער צעשמייכלטער זון (ביז א צייט,) — דער נ יי ע ר זין פון
לעבן: ד ע ר — פון דער אנטפלעקטער־אף־איין־ווילע — א י ד יי ע;
דער א י ד יי א י ש - באנייטער זין פון א באנייט פרוכטבאר לעבן;
וואס זויגט, ערשט, דאס חיות — אזוי בשפע, אוים דער פעטער זאפטיקער
לאווע, — אקוראט ווי אידייע, זין, זויגט, זינט אייביק — דאס חיות פון
אומזין... . און אזוי — ביז א צייט.
כי גלגל החוזר בעולם הוא...

יח) אויב גאט איז — פ ע ר פ ע ק ט, — דאן האט ער דאך געמוזט
באשאפן — א פ ע ר פ ע ק ט ע וועלט: ווייל: א פערפעקטער
— אליין, — קאן ער דאך נישט באשאפן עטוואס אזוינס, וואס איז —
נ י ש ט - פערפעקט; (שוין אפגערעדט: וואס יעדער באשאף איז — א
רעפראדוקציע;). איז: וויבאלד אזוי, — איז דאך שוין נישט גאט —
איינציק-פערפעקט; במילא, איז ער דאך שוין נישט — פערפעקט.

---

## אייביקע און נישט אייביקע אמת'ן

א) פונקט ווי די טעזע איז די פאטאליטעט פון דער אנטיטעזע, — אקו־
ראט אזוי איז די אנטיטעזע — די פאטאליטעט פון דער טעזע.
ב) פונקט ווי דער מענטש איז געבונדן פאטאל צו זיין פאטאליטעט, —
אקוראט אזוי איז זיין פאטאליטעט געבונדן צו — ד ע ר א יי ג ע נ ע ר
פ א ט א ל י ט ע ט: צו ז יי ן א ז ו י, און נ י ש ט — א נ ־
ד ע ר ש. און דאס, אייגנטלעך, איז — מענטשם פאטאליטעט; אין

וועמען **אפילו** די בחירה־חפשית **מוז האנדלען אזוי**, — ווייל — **זי איז נישט פריי צו האנדלען אנדערש**...

**ג)** יעדער איינגעחזרטער אמת איז — א ליגן. יעדער איינגעחזרטער ליגן ווערט אן אמת...... פארוואס? — ווייל די איינציקע קראפט פון אמת איז — זיין אומויפהערלעכע אינטעלעקטועל־דינאמישע אָריגינעלע באַנייונג. איז, אין דעם באַשטייט, גלייכצייטיק, זיין אומפארמיידלעכע פאַטאל־פארעטערישע שוואכקייט. ווייל דער אינטעלעקט — כדי ער זאָל קענען פאָרזעצן אומגעשטערט זיין פראָצעס פון אומויפהערלעכער באַנייונג, — מוז ער — איינמאָל אויפגעדעקט אַן אמת, — זיך נישט־פארהאלטן בא אים־איבעריקס, זיך גלייך פון אים באפרייען — אז ער זאָל נישט ווערן, ווי א לאסט, נאָר, אין דער זעלביקער צייט: אום ער זאָל נישט פארלאָרן־גיין אינגאנצן — פארן עווענטועלן פאל, ווען ער, דער אינטעלעקט, קאָן אים אמאָל דארפן האָבן, פאר זיין שטודיום, — נעמט ער און טוט אים איבערענטפערן, דעם אמת, אים דעפּאָזיטירן — אין די רעגיאָנען פון זכרון. (איינחזרן.) און דאָ גלייך, הויבט זיך אָן — די דעקאדענץ פונעם אמת. (דענקען מיינט — געדענקען; נאָר — נישט פארקערט.) איינמאָל אָפּגעטיילט פון זיין דינאמיש־אינטעלעקטועלן מקור — פון געדאנק, פון זין, — נעמט ער גלייך דעגענערירן־גראוויטירן — צום פארקערטן פון דעם, וואָס ער איז אַקאָרשט געווען; ראַש אריבערגיין: פון דינאמיק — צו סטאטיק, פון אינטעלעקט — צו אימפּולס, פון זין — צו אומזין; און אלס אזא, פאקטיש, — ווערט ער שוין אויפגענומען (איינגעחזרט) אינעם זכרון; פונוואנען ער ווערט איבערגעגעבן־ענטפערט, בהדרהגהדיק, ער קומט אָן — צום שטייגער־לעבן, צו דער מאסע: וועלכע נעמט אים, **ע ר ש ט**, אויף, בדחילו ורחימו; און זי טוט אים קרוינען־באַזעצן אין איר פאנטעאָן פון — אייביקע אומפארענדערלעכע (סטאטישע) אמת'ן...

און שפּעטער מיט א צייט: ווען ער, דער דינאמישער אינטעלעקט — אין זיין ווייטערדיקן אומקרייז־לויף איבער וועלט און לעבן — גייט אָן באנגיים אף זיין אמת־שטאמלינג פון אמאָל (דענקען מיינט — געדענקען), — אזוי דערזעט ער ערשט פאר זיך — א פינצטער־בלוטיקן אימפּולסיוו־צעיושעטן **א מ ת ד י ק ן** שונא; וועלכער איז גרייט, אין זיין בלינדן וואוט — אים, דעם אינטעלעקט, צו פארטיליקן!.. און הינטער אים, דעם אמת־שונא, שטייט, ערשט, אָרגאַניזירט —די גאנצע אידעאלע מאסע; אין איר נאָבעלן דראנג: צו לייגן דעם קאָפּ, מיט פרענעטישער לוסט, פאר איר איינציקן העכסטן אידעאל — דעם אייביקן אמת...

ד) אזוי גוט, ווי צווישן מענטשן איז פאראן — עקזיסטירנדיקער י ש,

— פונקט אזוי, איז פאראן צווישן זיי — עקזיסטירנדיקער אָ י ן:
א מין נישט-זייענדיקער זיין, צי פאַרקערט; א מין נישט-עקזיסטירנדיקע עקזיסטענץ, צי פאַרקערט; אַ מין נישט־זיין אינעם זיין, צי פאַרקערט; א מענטש — א ליגן; אזעלכער, וואָס פאַרלייקנט זיך זעלבסט; א מענטש, וואָס איז — זיין אייגענער ליגנער; מיט איין וואָרט: א מענטש, וועלכער איז — גאָרנישט!...... דאָס מערקווירדיקסטע איז אָבער: וואָס ער לעבט ד אָ ך — דער גאָרנישט — ער גייט, ער שטייט, ער קערט וועלטן, ער זשור־מעט, ער פילדערט; ממש, ער איז מרעיש עולמות!... נו, איז עס נישט צום שטוינען? איז עס נישט — טראַגי־קאָמיש?!........ אָבער, נאָך מאָדנער און שטוינענדער וועט עס פאָרקומען באַלד, (און ווי מע וועט איינזעען אליין): ווען מיר וועלן נעמען אָט דעם ג אָ ר נ י ש ט און, מיט פולע רעכט, אים באַטיטלען, אלס — חושך... אזוי וועט גלייך ארויפקומען די אַלטע פילאָזאָפישע פראגע: „— צי איז חושך — בלויז העדר האור, אָדער טאַקע — א מציאות אן און פאר זיך?!." איר פארשטייט? ווייל מע קאָן זיך קיינמאָל נישט אויסמאָלן: אור — אָן חושך, ווייס — אָן שוואַרץ, יש — אָן אָין, טייוול — אָן גאָט, געדאַנק — אָן אימפּולס, אַנטי-טעזע — אָן טעזע, (און פאַרקערט.) דאָס זענען אלץ — אומאָפּטיילבארע נאַטור־עלעמענטן. זיי וואַקסן אַרויס — איינער פונעם אַנדערן. זיי שטעקן — איינער אינעם אַנדערן. זיי באַדינגען, אין זייער טיפסטער טיף — איי־נער דעם אַנדערן. אור גופא זעט פאָרויס, אומבאַדינגט — חושך; אור גופאָ באַדינגט — חושך; אור איז — אומאָפּטיילבאַר פון חושך; קאָן נישט עק־זיסטירן אַ ל יי ן, געמאָלט זיין — אָן חושך; (אין) אור איז — חושך. (און פאַרקערט...) פונקט אזוי, ווי ווייס גופא זעט פאָרויס, אומבאַדינגט — שוואַרץ; ווייס גופאָ באַדינגט — שוואַרץ; ווייס איז — אומאָפּטיילבאַר פון שוואַרץ; קאָן נישט עקזיסטירן אַ ל יי ן, געמאָלט זיין — אָן שוואַרץ; (אין) ווייס איז — שוואַרץ. (און פאַרקערט...) און אַזוי איז: בא יש מיט אָין, באַ טייוול מיט גאָט, באַ געדאַנק מיט אימפּולס, באַ אַנטיטעזע און טע-זע. זיי זענען, ווי געזאָגט — נאַטור-עלעמענטן, אין אייביקן קאַמף. זיי זענען — נאַטור-פּראָבלעמען־עלעמענטן, אין אייביקן געראַנגל. אנטיטעזע־פּראָ־בלעמען־עלעמענטן, און טעזע־פּראָבלעמען-עלעמענטן. און נאַטור־פּראָבלע-מען אין געראַנגל זענען אייביק. זיי ווערן קיינמאָל נישט געלייזט. זיי ווערן בלויז ג ע ש ט ע ל ט, ארויסגערוקט אין פאָדערגרונט, פארשארפט. אָבער, זיי קענען נישט געלייזט ווערן. זיי זענען אייביק. ווייל פּראָבלעמען זענען — רעטענישן; שפּליטערן פונעם איינציקן רעטעניש, וואָס בלייבט אייביק — שרעקלעך־ווייט, רייצנד, פארשלייערט, אומבאַענטפערט... וואָס טיפער מע ווערט אליין, קאָמפּליצירטער, — אלץ טיפער דעקט מען אויף

די אייביקע פּראָבלעמען אין געראַנגל. דערזעט מען און מע קאָנסטאַטירט: אייביקן פּראָבלעמען־געראַנגל אינעם וועלטאַל צווישן די עלעמענטן פון דער נאַטור, וועלכע זענען און בלייבן אייביק — אומפאַרענדערלעך. איט־לעכער אייביקער אומפאַרענדערלעכער נאַטור־עלעמענט, און זיין ציקל — אייביקע אומגעלייזטע פּראָבלעמען... דערזעט מען און מע קאָנסטאַטירט: אייביקן אַנטיטעטישן פּראָבלעמען־קאַמף צווישן די עלעמענטן פון אַנטיטע־זע און טעזע, וועלכע זענען און בלייבן אייביק — אומפאַרענדערלעך. דער אייביקער אומפאַרענדערלעכער אַנטיטעזע־צי־טעזע־עלעמענט; איטלעכער, מיט זיין ציקל — אייביקע אומפאַרענדערלעכע פּראָבלעמען; אָן קיינער קיינמאָל פּערמאַנענטער לייזונג, איינמאָל אַף תמיד. ווייל לייזונג, אינעם אוניווערסאַלן אומענדלעכן אַנטיטעטישן געראַנגל, איז בלויז — איין שטאַפּל צו נאָך ווייטער, צו נאָך העכער; דער סינטעטישער אָנזאָג צו נייער טיפערער דיפערענצירונג פון מאָרגן. אַזוי איז אינעם קאָסמאָס, אין אַל־געמיין — אָן אויסגאַנג, אָן לייזונג: ווייל אַזוי האַלט אָן דער אייביקער פּראָבלעמען־געראַנגל אינערהאַלב דעם מענטשן גופא — דער שפּיגל און דער העכסטער פּערפעקטסטער אויסדרוק פון כל־היקום — צווישן די רע־גיאָנען פון זיין געדאַנק און זיין אימפּולס, פון זיין אור און זיין חושך, פון זיין ווייס און זיין שוואַרץ, פון זיין טייוול און זיין גאָט, פון זיין יש און זיין אַין: וועלכע זענען, אַ, צום באַדויערן — אייביק.

ה) נאָכאַמאָל, מיינע פריינט: לאָמיר נעמען אַ חומה, אַ שטיינערנע וואַנט פון שערענגעס ציגל; איז דאָך אַלץ איינינעם — א י י ן ח ו מ ה: אַזוי גוט — די א ו נ ט ע ר ש ט ע שורות ציגל, ווי די א ו י ב ע ר ש ט ע. ווייל עס קאָן דאָך נישט געמאָלט זיין קיין א ו י־ב ע ר ש ט ע, אָן קיין אונטערשטע. די אויבערשטע שפּאַרן זיך דאָך אָן אַף די אונטערשטע... פּונקט אַזוי, קאָן נישט געמאָלט זיין: די מציאות פון אור — אָן דער מציאות פון חושך; די מציאות פון טייוול — אָן דער מציאות פון גאָט. עס באַדינגט איין מציאות — די אַנדערע. עס שפּאַרט זיך אָן איין מציאות — אַף דער אַנדערער. עס ציט, תמיד, איין מציאות, ד י א ו י ב ע ר ש ט ע — צו דער אַנדערער, ד ע ר א ו נ ט ע ר־ש ט ע ר: ווייל אַלעם, מיינע פריינט, צ י ט ת מ י ד א ף אַ־ר אָ פּ: (די גראַוויטאַציע;) עס איז דער יסוד פון דער עקזיסטענץ; ווייל אַלעם, אַ, פ ו ן א ו י ב ן ב י ז אַ ר אָ פּ, איז — אַ מציאות אַ איינציקע.

ו) פּונקט ווי עס איז אייביק־אמת — ד י ע ק ז י ס ט ע נ ץ (אויב מע קאָן זיך אַזוי אויסדריקן,) פ ו ן נ י ש ט - א יי ב י ק ע א מ ת׳ן, — אַקוראַט אַזוי איז אייביק־אמת — ד י ע ק ז י ס ט ע נ ץ פ ו ן א יי ב י ק ע א מ ת ן; פּונקט ווי עס איז אייביק — ד י פ אַ ר־

ג ע נ ג ל ע כ ק יי ט, — אקוראט אזוי איז אייביק — ד י א ו מ פ א ר־
ג ע נ ג ל ע כ ק יי ט; פונקט ווי עס איז אייביק — ד אָ ס נ י ש ט־
ז יי ן, — אקוראט ־ אזוי איז אייביק — ד אָ ס ז יי ן. ווייל בעת די
נישט־זייענדע, פארגענגלעכע, נישט־אייביקע אמת׳ן ציען זייער שורש פון
דער אייביק־עקזיסטירנדער איבעראל — ד י נ א מ י ש ע ר א נ ט י־
ט ע ז ע , — ציען די זייענדע, אומפארגענגלעכע, אייביקע אמת׳ן זייער
שורש פון דער אייביק־עקזיסטירנדער איבעראל — ס ט א ט י ש ע ר
ט ע ז ע. זיי ביידע, דינאמישע אנטיטעזע און סטאטישע טעזע, זענען
אומצעשיידבאר, פאטאל־אייביק־באגלייטנד — אין אלע זייערע אומענד־
לעכע מעטאמארפאזיסן, אין דער טויטער, ווי אין דער לעבעדיקער נא־
טור; העט ביז צום מענטשן און זיין גײַסטיקשאפט: וואו אנטיטעזיש־די־
נאמישער מארך־אינטעלעקט ברענגט ארויס די מאטעריע־וואר פון פאר־
גענגלעכקייט, פון אומויפהערלעכן נישט־זיין פון די נישט־אייביקע אמת׳ן,
דעם דיאלעקטישן טייוולש־מענטשלעכן היסטארישן מאטעריאליזם; דא־
קעגן, דער טעזיש־סטאטישער הארץ־אימפולס ברענגט ארויס די אידייע
אילוזיע פון אומפארגענגלעכקייט, פון אומויפהערלעכן זיין פון די אייבי־
קע אמת׳ן, דעם מעטאפיזישן געטלעך־אוממענטשלעכן היסטארישן אידע־
אליזם... אזוי זענען אנטיטעע־
זע־טעזע פאטאל־אומצעשיידבאר, פון אייביק ביז אייביק — אזויווי קעגנ־
זייטיקע צווישנאנאנדערדיקע פאן און בילד אלציינס; וואס באדינגען זיך
— קאטעגאריש־אומבאדינגט — אין באגריף, אין דמיון, אין קיום. אזוי,
במילא, זענען אלע זייערע אומענדלעכע מעטאמארפאזיסן — אין דעם,
די ניט־אייביקע און די אייביקע אמת׳ן — פאטאל־אומצעשיידבאר, פון
אייביק ביז אייביק: ווי קעגנזייטיקע צווישנאנאנדערדיקע — פאן און בילד
אלציינס, וואס באדינגען זיך — קאטעגאריש־אומבאדינגט — אין בא־
גריף, אין דמיון, אין קיום; אזויווי טאג־און־נאכט, אזויווי שווארץ־און־
ווייס, אלציינס; וועלכע קענען — איינס, אָן דאס אנדערע — נישט גע־
מאלט־זיין, נישט עקזיסטירן.......... און אויך דאס, מיינע פריינט, זע־
נען — פאטאלע אייביקע אמת׳ן...

---

# מ ע נ ט ש — א ו נ י ו ו ע ר ס

(דער ביאלאגישער אוניווערס פון בלוט און מארך — ווערסוס ד ע ם פון
טויט און כאאס.)

א) דער גורל איז געבונדן צום מענטשן, נישט ווינציקער, ווי דער מענטש
— צום גורל. פונקט ווי דער גורל איז — דער פאטום פון מענטשן,
— אקוראט אזוי איז דער מענטש — דער פאטום פון זיין גורל.

ב) מאכן שלום מיטן גורל — מיינט: אז עס בלייבט ז ו ע ר — עס
זאָל מאכן דעם שלום.

ג) פונקט ווי דער מענטש איז געבונדן צו זיין גורל, — אקוראט אזוי,
און אפשר נאָכמער, איז דער גורל געבונדן צום מענטשן. דער מענטש,
דאָס איז — די אקילעס־פיאטע, דער אָנגרייפבארסטער פונקט פונעם
גורל. בא קיין שום זאך אין דער וועלט — ווי באם ליבע-האס־שפיל פון
מענטש און זיין גורל — גילט נישט אזוי דער כלל: אז יעדער נצחון איז
א מפלה; און פארקערט.

ד) פונקט ווי דער מענטש איז געבונדן צו זיין גורל, — פונקט אזוי איז
דער גורל געבונדן צום מענטש... (אָנוכי ה׳ א ל ו ה י ך . . .
איך בין — ד י י נ ע ר . . . איך געהער — צ ו ם מ ע נ ט ש...)
פונקט ווי דער גורל איז — דער גורל פונעם מענטש, — אקוראט אזוי,
און נאָכמער, איז דער מענטש — דער גורל פון זיין גורל. דער מענטש,
ער איז — די עקזיסטענץ־בארעכטיקונג פאר זיין גורל; די נשמה פון
זיין זיין. קוים פרעסט ער אויף, דער גורל — דעם מענטש, — אזוי פאר־
לירט גלייך זיין איינזאמער זיין — יעטוועדן זין; און וועלכן עס איז
זכות-הקיום. נאָכמער: אזוי פארגייט ער גלייך — אליין, דער גורל: ווען עס
זיין, אָן דעם מענטש, קאָן גאָרנישט געמאָלט זיין.

. איז: אָט אין דעם שטעקט די ערבות פארן מענטשס נצחון איבער
זיין גורל; פאר זיין פרייהייט. זאָל דער מענטש זיין דרייסט און געוואגט,
אין וויין נאָבעלן פארמעסט, — און זיין גורל — ווי א מעכטיקער, אָבער
געהאָרכזאמער שקלאף — וועט זיך שטרעקן פאר אים אומעטום, אים צו
שיצן פון געפאר.

ה) דער מענטש וועט קיינמאָל נישט באשאפן זיין שענצטע וועלט: ווייל
יעדער באשאף איז — א רעפּראָדוקציע.

ו) נישט דער אוניווערס וועט זאָגן דאָס לעצטע וואָרט וועגן מענטש, —
נאָר דער מענטש-אוניווערס — וועגן אוניווערס.

ז) נהירין ליה שבילי דרקיע כשבילי דנהרדעאָ. ווילסטו דערקענען דעם
אוניווערס — פאָרש דעם מ ע נ ט ש ־ א ו נ י וו ע ר ס.

ח) דאָס פייער, וואָס דער מענטש צינדט, צום לויכטן און ווארעמען, —
דארף זיך געפינען פון אים — אף א געוויסער דיסטאנץ: כדי עס זאָל
אים נישט פארברענען... דאָס האָט דער מענטש געלערנט — פון דער
נאטור מיט אירע זון־סיסטעמען. (סיסטעם מיינט — דיסטאנץ.)
. איז, אויב דאָס געוויינלעכע פייער פון
מענטש און נאטור פאָדערט די געהעריקע דיסטאנץ, — הכל-שכן — דאָס
פאַטאַלע פייער־סיסטעם פון מ ע נ ט ש ־ א ו נ י וו ע ר ס: וואָס
דארף באזינען-באזונען אלע אייביקע אייביקייטן פון זיך.

ט) אין שפעטן עלטער, ווען עס נעמט אין דער מענטשהייט אפשטארבן און זיך פון איר אפטון דער אלגעמיין־אנגענומענער יונגער פאטענטער־ליידנשאפטלעכער א ק צ י ד ע נ ט א ל ע ר אומזין־אוניווערס, — דאן נעמט דער געוויינלעכער מענטש אפגיין, פארגיין. דאקעגן, ד ע ר ג ר ו י ס ע ר מ ע נ ט ש דער בר־דעת — טרעט ערשט צו, א באפרייטער, א באנייטער, מיט פרישן, מיט דערוואכטן ברען — פיבערהאפט אויסצושמידן — זיין אייגענעם פאטאל־אומפארמיידלעכן, אומבאדינגטן אייביקן א ל ט ן — א י ך ־ א ו נ י ו ו ע ר ס פ ו ן ז י ן; וועלכער דארף ווערן דער נייער דערפרישנדער זון־אויפגאנג, דער ווידעראלגעמיין־אנגענומענער יונג־געווארענער ליידנשאפטלעכער א ק צ י ד ע נ ט א ל ע ר אוניווערס — פאר דער מענטשהייט פון מארגן.

י) יעדע אומפארשטאנענע, אומבאקאנטע, פרעמדע, אומבאגריפענע, מיסטעריעזע אידייע האלט אונדז געפאנגען, לאקט און רעגט אונדז: זי אויפצוקלערן, פארשטיין, דערקענען, באגרייפן, אנטהילן; מיט איין ווארט — זי מאכן נאענט, — כדי פון איר זיך צו באפרייען, פון איר רייץ און צויבער; און אליין, ווידער ווערן רואיק, ווי געווען.

אבער דאס — די אויפקלערונג־בעיקר, עס הייסט, די באפרייונג פון וועלכער אויטענטישער, פון וועלכער עכטער אידייע — קאן קיינמאל נישט דערגרייכט ווערן. ווייל יעדע אידייע, מיט איר אומפארשטאנענקייט א.א.וו., איז בלויז — איין פארם אזא, איין לבוש, איין פארגענגלעכע צורה בלויז פון — יענער איינציקער אייביקער, אונטער אלע אומענדלעכע־אומויפהערלעכע־טראנספארמירונגען - אין ־ צורות־לבושים־געשטאלטונגען — אומפארגענגלעכער איך ־ אידייע פ ו ן מ ע נ ט ש ־ א ו נ י ו ו ע ר ס; און, במילא, איז יעטוועדע כלומרשטע אויפקלערונג פון איין פארם אירער א.א.וו. — בלויז א שטאפל, א דרגא: אף צו ארייַנדרינגען נאך־טיפער אין דעם מיסטעריע־געוויטער, עס מיינט, צו שטייגן נאך־העכער אין דעם אידייען־רוים פון מענטשנס איך־אומענדלעכקייט. א חוץ דעם, איז קלאר: אז אין דעם מענטשנס קאנסטיטוציע שלאגן זיך צוויי קעגנגעזעצטע טענדענצן: איינע — וואס וויל אלץ פארשטיין און אנטהילן; און די אנדערע — וועלכע איז דורכוים פאר נישט־פארשטיין, נייערט פאר אנהאלטן אומבאדינגט דעם פארשלייערטן רייץ צו דער אייביקער מיסטעריע. מיט דער צייט, אין לויף פון מענטשנס וואוקס, רייפן אן אין אים ביידע טענדענצן באגלייך; און עס באקומט זיך, במילא, אין יעדן איינעם פון אונדז, יענער אויסטערלישער קוריאז — פון יא־און־נישט־פארשטייןפ א ר א מ א ל . . . אבער, צ ו ד ע ם א ל ע ם קומט־צו נאך עפעס, וואס מע טאר נישט אויסלאזן

פונעם אויג. נעמלעך: אז בעת א אידייע ווערט פאר אונז — לאָמיר זאָגן, אין א געוויסן עטאַפּ — פאַרשטאַנען און דערקענט, עס הייסט, נאַקעט און נ אָ ע נ ט, — נעמט זי, דאַדורך גופא, גלייבצייטיק, ווערן פאַר אונז — אומדיפערענט, פרעמד; נעמט זי פון אונז אָפּגיין, זיך דערוויי־טערן... און דאָן, מערקווירדיק, ווערט זי באַניים... לאַנגזאַם אייגגעהילט אין דעם גאַנצן באַנג-צויבער און רייץ פון פרעמדער (אָפּגעפרעמדטער) מיסטעריע; אָבער איצט, אַ — אדאַנק דער איינמאָל־געוועזענער נאַענט־קייט צווישנאַנאַנדער, צווישן מענטש און אידייע, — שוין לחלוטין — אָן יעטוועדער מינדסטער אויסזיכט אף אַוועלכער ווידער־דערנעענטערונג, אָן איבערבעטונג, א צוריק־איינפאַרשטיין........ אזוי ארום, קומט אויס: אז אויב פריער — איידער דער מענטש האָט דערקאָנט און פאַרשטאַנען זיין אידייע — האָט ער נאָך געהאַט א וועלכן שאַנס: זי צו דערקענען און פאַרשטיין, — איז אָבער ע ר ש ט, נ אָ ך ד ע ר ד ע ר ק ע נ ו נ ג, — שוין פאַרשוואונדן, יעטוועדע אויסזיכט פון א פאַרשטענדעניש — אף אייביק...

יא) אין א געזעלשאפט פון ל ו י ט ע ר ג א ו נ י ם — שטאַרבט אָפּ די געניאַליטעט. ווייל: דאָס ליכט פון געניאַליטעט ברויכט ברענ־שטאָף — אף צו לויכטן. און ליכט קאָן זיך נאָר דערנערן — פון פ י נ צ־ט ע ר ן ברענשטאָף. ליכט פון ליכט — דערנערט זיך נישט. דערפאַר: אין א געזעלשאפט פון ל ו י ט ע ר ג א ו נ ו ת, פון ל ו י ט ע ר ל י כ ט — (אָפּגערעדט: ווען איין ליכט איז שטאַרקער פאַרן צווייטן, און עס פאַרטונקלט עס, נאָר אפילו ווען אלע ליכטער זענען גלייך,) — אָן ברענשטאָף, — הערט די געניאַליטעט, פאַראַמאָל, א ו י ף צו לויכ־טן. ווערט אין אזא וועלט — ש ט אָ ק פ י נ צ ט ע ר . . . נ אָ ר דאָן: ווען די גאונישע געזעלשאפט לייזט זיך א ו י ף מיט גאָרנישט; און איטלעכער ליכטיקער גאון באזונדער נעמט זיך צונויפגיין מיט זיין פינצטערער מאסע, — דאן שיינט א ו י ף ווידער דאָס ליכט אף דער
די פינצטערע מאסע
וועלט...
איז — דער ברענשטאָף פאַרן ליכט פונעם גאון. 1) דער גאון זויגט דעם פינצטערן ברענשטאָף פון דער מאסע — און ער לויכט.

---

1) דערפון נעמט זיך: וואָס איין גאון קאָן נישט סובל־זיין — דעם אנדערן...... עס איז, אָבער, פאַראַן נאָך א דערקלערונג: פונקט, ווי עס גיבט ב ר ע נ ש ט א ף — פון פאַרשיידענע קאַטעגאָריעז, — אזוי אויך געשעט עס מיטן ל י כ ט. עס זענען דא — אלערליי ליכטער. פאַראַן — א י נ ט ע ל ע ק ט ו ע ל ליכט: דאָס איז — אויטענטישע. און פאַראַן, ווידער, ע מ א צ י א נ ע ל ל י כ ט: וועלכעס איז נישט־ווייט פונעם ברענשטאָף... איז: ווען עס טרעפן זיך א ו י ף אזוינע צוויי גאו־נים, איטלעכער — פון א גאַנץ באַזונדערער וועלט: א אינטעלעקטועלער, און א עמאַ־ציאָנעלער — לפונדק אחר, — אזוי ברעכט גלייך אויס צווישן זיי ביידע — א מו־

. אזוי איז — אייביק: אַף אַלע שטאַפּלען פון מענטשנס גאַנג
— באַרג-אַרויף, — געטיילט די געזעלשאַפט: אַף גאון, און מאַסע; אַף ליכט, און ברענשטאָף...... דערפאַר: האַסט עס אזוי דער ליכטיקער גאון (און ער ל י ב ט...) — דער פינצטערער מאַסע: ער מוז איר — דעם ברענשטאָף — פאַרצערן... און דערפאַר: האַסט עס אזוי די פינצטערע מאַסע־דער ברענשטאָף (און זי ל י ב ט...) — דעם ליכטיקן גאון: זי מוז זויגן אוים זיין ליכט — אום זיך נאָכאַנאַנד אומצוברענגען!... און — „ליכט אַ ל יי ן  ווערן!... אָ, ל י כ ט — אַזוי־ווי ער...”
אָבער — פאַרפאַלן. דאָס איז — פאַטאַליטעט... אין דער העט־ווייטסטער צוקונפט — אַף דעם העכסטן-סאַמע באַרגשפּיץ פון דער מענטשהייט, — וועלן די אזויגערופענע  ה יי נ ט צ יי ט י ק ע  ג א ו נ י ם — זיך באַניים טיילן: אַף  מ אַ ס ע,  און  ג אַ ו ן...  זי, די מענגע, — וועט מוזן רעדוצירט בלייבן — מיט איר גאַנצער כּלומרשטער אינטעלעקטועלער ליכטיקייט צווישנאַנאַנדער — צו פינצטערן עמאַציאָנעלן ברענשטאָף בלויז, — לגבי אים, דעם העכסטן ליכט; דעם  ג אַ ו ן  הגאונים; דעם  ש י ר  השירים; אָ,  ד ע ם  מ ע נ ט ש  פון די מענטשן... (1)   ביז: דער מענטש וועט האָבן דער־גאַן צו אַזאַ דמיונדיקער הייך, — וואו עס וועט בלייבן אויסגעשלאָסן, לחלוטין: דער מהות — געזעלשאַפט... דאַן: וועט יעדער  אַ יי נ צ י ק ע ר  מענטש (ווייל יעדער איינער וועט זיין — איינציק...) זיך־שטעלן פנים-

---

ראַדיקער קאַמף: פאַר באַהערשונג, און פאַר פרנה־ייט...  ד אַ ס  אַ י נ ט ע ל ע ק־ט ו ע ל ע  ל י כ ט:  דערשפּירט גלייך אינטים — ווען עס האַט פאַר זיך, — און עס נעמט גלייך באַקערן  ד אַ ס  ע מ אַ צ י אַ נ ע ל ע — צ ו  ב ר ע נ־ש ט אַ ף:  אום עס צו פאַרצערן... דאַקעגן,  ד אַ ס  ע מ אַ צ י אַ נ ע ל ע  ל י כ ט מאַכט פאַרצווייפלטע 'אַנשטרענגונגען — זיך אָפּצואַווערן: אָבער, עס דערשפּירט זיך: טיף־אינטים־פאַטאַל — שוואַך..., — און עס ראַטעוועט זיך, קוים מיטן לעבן — צו  ז יי ן  מאַסע ברענשטאָף... ווייל, ווי עס גיבט ל י כ ט ע ר — פון אַלערליי קאַטעגאָריען, — אַזוי אויך איז צום ברענשטאָף. פאַר איטלעך ליכט —  ז יי ן  ברענשטאָף. פאַר יעדן גאון —  ז יי ן  מאַסע...

1) דאָס איז נישט אין סתירה צו דער הנחה: אַז ליכט דערנערט זיך נישט פון ליכט. ווען די מאַסע ווערט באַטראַכט, אַלס — פינצטערער (אימפּולסיווער) ברענשטאָף, — מיינט עס ניט צו זאָגן: אַז זי פאַרמאָגט ניט קיין מאַרך, וועלכער פּראָדוצירט אינטעלעקט. נישט מער: וואָס די מאַסן־פּראָדוקציע פון אינטעלעקט איז נישט קיין אָרי־ג י נ ע ל ע:  ד. ה.: אַז די מאַסע ברענגט ניט אַרויס קיין אייגנטימלעכס, קיין נייס: נייערס זי שאַפט (רעפּראָדוצירט) איבער — דאָס אָריגינעלע פון דער געניאַליטעט...... דאָס זעלבע איז מיט די אזוי־גערופענע „היינטצייטיקע גאונים” — קעגניבער דעם גאון פון דער העט־ווייטסטער צוקונפט. אין אַנבליק פון יענעם העכסטן אומבאַגרייפלעך־אָריגינעלן אויפשיין, — וועט אָפּבלייכן די פונקציע פון זייער כּלומרשטער אָריגינאַלי־טעט: און זיי וועלן מוזן בלייבן רעדוצירט צו דער ראָל פון — עמאָציאָנעלן ברענ־שטאָף פאַר דעם ווירקלעך־אָריגינעלן גאון פון יענער צייט...

צו־פנים — מיטן אוניווערס... און ער וועט אָנבאַהעפטן זיין ליכט — אָן דער אייביק־בלינדער כאַאָטישער מאַסע פון דעם אַלוועלט... און, ערשט דאַן — וועט דער מענטש אויפלויכטן... דער מענטש־או־ניווערס... הגם, צוריקגערעדט: וועט דאַן דער מענטש פון דער העכסטער הייך — אייגנטלעך, אין דעם צירקל־מאַרש איבער זיין וועלט, — האָבן צוריקגעקערט צום אויסגאַנג־פונקט פון די פרע־היסטאָרישע און פרע־סאָציאַלע בראשית־טעג פון זיין לעבן: ווען ער איז — דאַן, פונקט אַזויווי היינט, — אויך געשטאַנען — איינציק, אַליין, (פאַרלאָרן...) מיט זיין געשטאַלט און לעבן, פנים־צו־פנים — צום צעפלאַ־טערטן כאַאָס פון דער וועלט....... אָבער: ווי אַנדערש עס קערט אום, ערשט, צוריק אַהיים — יעדער נייער איינציקער מענטש! און ווי אַנדערש, אַ, ער וועט ערשט אויפנעמען: זיין אייביקן קאַמף פאַר ליכט — מיט דער אייביק־פינצטערער ברענשטאָף ־מאַסע פון —דעם כאַאָטישן או־ניווערסאַלן עלעמענט... 1)

יב) דער געראַנגל פון מענטש קעגן גאָט, דאָס איז — דער אויפשטאַנד פון ווערטיקאַלן מענטש קעגן האָריזאָנטאַלן גאָט.

גאָט — דער אייביקער באַשעפער, — פאַרבלייבט, אייביק — אַנימאַ־ליש־האָריזאָנטאַל; (ווייל יעדער שאַפונגס־פּראָצעס איז — אַ האָריזאָנטאַ־לישער;). גאָט — דער אייביק־האָריזאָנטאַלישער, — קאָן קיינמאָל נישט אַרויסב־ענגען קיין נייס: ווייל איטלעכער באַשאַף איז בלויז — אַ רעפּראָ־דוקציע, אַ ווידערהאַלונג פון דעם פריערדיקן.

ערשט, מיטן מענטש, דעם רעבעל — וואָס האָט זיך דער־וועגט אַריבערצושפּאַנען דאָס געטלעך־אַנימאַליש־האָריזאָנטאַלע קעניג־רייך, אַלעם לאָזן אונטן, און אַליין זיך־אויפהויבן ראַש־ווערטי־קאַל, — הויבט זיך אָן דער קאַמף — קעגן דער געטלעך־שעפערישער (האָריזאָנטאַלער, אַנימאַלישער) רעפּראָדוקציע; הויבט זיך אָן דער קאַמף פון מענטשלעכן ווערטיקאַלן קריטישן גייסט — פאַר אַרויסברענגען נייס:

---

1) דער בלינד־אימפּולסיווער פרע־סאָציאַלער מענטש איז געווען איינזאַם, אין זיין קאַמף פאַר עקזיסטענץ; און ער האָט איינגעשטעלט די סאָציאַלע (איבער־גאַנס)־ געזעלשאַפט, (נעגאַציע פון דער איינזאַמקייט,) כדי צו דערגרייכן — עקאָנאָמישע אומאָפּהענגיקייט, עס מיינט, די באַפרייונג — פון דעם קאַמף פאַר עקזיסטענץ. אָבער, איינמאָל דאָס דערגרייכט, — לייזט אויף, מיטדערמיט גופאַ, דער באַוואוסטזיניק־געוואָרענער מענטש, די סאָציאַ־לע געזעלשאַפט; און ער קערט צוריק, ווידער, (די העגליאַנישע אַזוי־גערופענע נעגאַציע פון דער נעגאַציע,) צו ווערן — פריי, איינציק, אַליין! אָבער, נישט — איינזאַם. דער אינטעלעקטועלער פּאָסט־סאָציאַלער מענטש שטייט אין ליכטיקסטן פלאַמיקסטן קאָנטאַקט מיטן פינצטערן ברענשטאָף פון דער וועלט: מיטן מענטש — אַנגייערט!...

די אײנציקע (זיך־קײנמאָל־נישט־רעפּראָדוצירנדע) מענטשלעכע קונסט...

...הויבט זיך אָן דער קאַמף אינעם מענטשנס געמיט — צווישן ווערטיקאַל, און האָריזאָנטאַל; צווישן אינטעלעקט, און אימפּולס; צווישן דעם מענטשלעך־ אינטעלעקטועלן דראַנג צו קינסטלערישער נײַס, און דעם געטלעך - אימפּולסיוון דראַנג צו שעפּערישער רעפּראָדוקציע.

דאַרום, איז די אַנימאַליש־האָריזאָנטאַלע גאָט־פאַרערונג (די פאַרגעטערונג) פון דעם מאַן צו דער פרוי, (ווי בא איטלעכן חיה׳שן באַשאַף,) — בלויז אײן זײַט פון זײַן געביט: אין מאָמענט פון זײַן געפאַלן... דערפאַר, וועט ווערטיקאַלער מענטש־אינטעלעקט זיך גלײַך פון איר באַפרײַען; צוריק ווערן — פרײַ, דערהויבן; און באַנײַיס אונטערנעמען זײַן פאַטאַלן קאַמף — פאַר מענטש־ווערטיקאַל, קעגן גאָט־האָריזאָנטאַל — איבעראַל: אין דעם אַלוועלט; אין זיך.

ווײַל מענטש — טאָר מען נישט פאַרגעסן — איז, אין תחילת, אויפגעקומען — האָריזאָנטאַל. נעשה אָדם בצלמנו כדמותנו. אַזוי איז געווען אויסגערעכנט — אויף אַלע אײביקייטן — דער אײנשטעל פון זײַן פּסיכישער קאָנסטיטוציע; פון זײַן כאַאָטיש־צעבושעווען אימפּולסיוון וועלטבאַנעם — איבער אַלץ... ביז עס איז אויפגעגאַן אין אים דער איבערגעטלעכער דעמאָן־אינטעלעקט; וועלכער האָט אים אויפגעהויבן, דעם ווערטיקאַלן מענטש, אין קאַמף: קעגן אײגענעם פינצטערן כאַאָס־אימפּולס, וועלכער לאָזט אים נישט זעען זײַן וועלט פאַר די אויגן...

דאָך, שטײט נאָך דער מענטש — אין אָנהויב פון זײַן טיטאַנישן קאַמף מיט זיך, מיט זײַן אַלוועלט... ער „זעט" נאָך אַלץ, איבעראַל — האָריזאָנטן, אָנשטאָט — ווערטיקאַלן. אָ, ער איז נאָך אַלץ פאַרבליבן, מיט זײַן פּסיכיק, טיף שטעקן אײַנגעשלאָסן — אין דער אימפּולס־האָריזאָנטאַלער אוניווערס־תפיסה; וואו די פינצטערע טײל פון זײַן גורל פאַרהאַפט: אים דאָרט אײַנצוהאַלטן, אַ צוגעשמידטן, אויף אײביק...

אָבער ער — דער אײנמאָל־דערוואַכטער מענטש צום ליכט: דער — אײנמאָל־האָבן־אויפגעדעקט זײַן קראַפט, זײַן פאַרנעם, עס הײסט — דעם קיום און דעם באַרוף פון זײַן ליכטיקער טײל גורל אין זיך, — אָ, ער, דער געבענטשטער ליכטיקער גורל־מענטש, וועט שוין זײַן קאַמף נישט אויפגעבן, ער וועט נישט נאָכלאָזן — אַזוי לאַנג, — ביז וואַנען ער וועט, ענדלעך, דורכברעכן אַלע פינצטערע האָריזאָנטאַלע תפיסה־ווענט אין־זיך און אַרום; און פרײַ־שאַלנד, אין פרײד, אין קײנמאָל־ביז־אים־אין־אַלע־אײביקייטן־און־אין־ערגעץ־געהערטן יובל־טריומף, אין טיף־אינטימסטן מענטשלעכסטן פרײַסטן אויסרוף, פּראָקלאַמירן — דעם אויפקום, אין אומענדלעכער באַנײַונג, פון אײנציק־קינסטלערישן אוניווערסאַלן קריטישן גײַסט — פון ווערטיקאַלן מענטש־אוניווערז!..

ב. אײרעס, י. 1947.

# אינהאַלט:

זייט